„בּרוריה"

מסכתא עבודה זרה, י"ח, רש"י.

דעם אייביגן אָנדענק פון מיין ליכטיגן זוהנעניו גאַבּרי (געבּאָרען דעם 11־טען מערץ, 1909, געשטאָרבּען דעם 14־טען אויגוסט 1916) געווידמעט — די ערצעהלונג, וועלכע איך האָבּ אָנגעהויבּען צוויי און פיערציג שטונדען פאָר זיין טויט, אין פריידיגער זיכערהייט, אַז זיין בּיסל קראַנק־זיין וועט שנעל פאָראיבּער, אָהן דעם קלענסטן פאָרגעפיהל, אז איך און זיין וואונדערבּאַרע מאַמע וועלען נאָך בּאַלד, דאַרפען זוכען טרייסט אין איהר.

# א.

מיט אַלע מעלות איז געווען געבענשט ברוריה, די ווייב פון דעם גרויסען תנא רבי מאיר. עס איז געווען, ווען גאָט׳ס האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט גרויס רחמנות אויף דאָס שווערע לעבען פון זיין אידישען פאָלק, וואָס האָט ערסט זיין זעלבסטשטענדיגקייט און זיין פרייהייט פערלאָרען, האָט ער ארויסגענומען איהר נשמה פון אונטער זיין כסא הכבוד און אראָבגעשיקט זי אויף דער ערד. „געה און דערפרעה די הערצער פון די עלענדע און פערוואָגעלטע, ברייננ נחת־רוח צו די פער־וואגעלטע און פערטרויערטע. ווער עס וועט דיך דערזעהן, זאָל וויסען, אז דאָס לעבען איז ווערט געלעבט צו ווערען, און פערשטעהן, אַז ער האָט אַ גרויסען גאָט, וואָס קאָן הערליכעס שאַפען, און זאָל לויבען און בענשען מיין נאָמען.“

און אזוי אויך האָט זי געהייסען ברוריה — די אויסגעוועהלטע פון גאָט; אָבער די רוימער האָבען זי גערופען וואַלעריאַ — די געבענשטע.

שיין איז זי געווען אזוי, אַז ביי דעם הערליכסטען זונאונטערגאנג האָבען די אויגען פון בעוואונדערער ארומגעבלאָנדזשעט פון דער זון צו איהר און פון איהר צו דער זון, און קיינער האָט נישט געקאָנט בעשטימען, וואו איז די גרעסערע שיינהייט און ווער איז דאָס גרעסערע וואונדער. אָבער ביי קידוש־לבנה האָט זי זיך קיינמאָל נישט געטאָרט בעווייזען אין גאַס, כדי די לבנה זאָל זיך נישט בעהאַלטען פאר דער גרעסערער שיינהייט, און די אידען וועלען נישט קאָנען מקדש זיין די לבנה. — ווען זי איז דורכגעגאנגען א גאַס, זיינען אלע געהער שטעהן געבליעבען, כדי זיי זאָלען נישט אריינפאלען אין גריבער אונטער די פיס אָדער זאָלען נישט געשטרויכעלט ווע־רען איבער אַ שטיין אין וועג, ווייל די אויגען האָט מען נאָר געברויכט אויף איהר. און די שווערע גאַס־אַרבייטער האָבען געזאָגט, ווען זיי האָבען זי אנגעקוקט: „דאָס איז אָבער געווען באַלזאַם צו די מידע גליעדער. יעצט וועט די ארבייט געהן אונז וויע־דער לייכט.“ און די, וואָס זיינען געזעסען אין זייערע הייזער, האָבען געזאָגט: „האָט עס יעצט נישט אַ ליעבען שיין געטאָן אין הויז? מסתמא איז ברוריה פאַרבייגעגאנגען פארביי די פענסטער.“ די חכמים אָבער האָבען יעמאָלט איינגעפיהרט אַ נייע ברכה, מיט וועלכער אידען זאָלען לויבען און בענשען גאָט דערפאר, וואָס ער האָט אנגע־טיילט מיט זיין שיינהייט אַ בשר ודם.

און קלוג איז זי געווען אזוי, אז די קלוגע זקנים פון איהר צייט האָבען געזאָגט: „זאָלען מיר נישט אָנטאָן ווייבערקליידער און איהר איבערגעבען אונזערע מענערקליידער, ווייל מיט איהר זיינען מיר ווי די אלטע ווייבער, ביי וועלכע עס האָט זיך שוין לאַנג אויסגעוועבט דאָס ביסעל שכל, וואָס זיי האָבען ווען פערמאָגט, און זי האָט אין זיך דעם שכל פון אַלע אונזערע יאָהרען צוזאַמענגענומען. און ווען אַ מאַן פלעגט זיך לעגען זיין ווייב און זאָגען, אז א פרוי האָט לאַנגע האָר און קורצען שכל, פלעגט די ווייב ציאַווארפען איהם: „און ברוריה?" דאַן האָט דער מאַן געכאַפּט זיך, אַז ער האָט זיך פערדעדט און אז זיין אייגענע ווייב איז קליגער פאר איהם, ווייל זי האָט איהם אזוי קלוג דערמאָנט אָן ברוריה׳ן. די חכמים אָבער האָבען יעמאָלט איינגעפיהרט אַ נייע ברכה, מיט וועלכער אידען זאָלען לויבען און בענשען גאָט דערפאר, וואָס ער האָט אנגעטיילט מיט זיין קלוגהייט אַ בשר ודם.

אָבער אויך זעהר געלערנט איז געווען ברוריה. אין תורה שבכתב איז זי געווען אזוי זיכער, ווי אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג, און פאר תורה שבעל פּה איז זי געווען ווי אַ שראנק, אין וועלכען מען טוט ספרים אַריין. מיט קלאָרער איינפאכהייט האָט זי פעראייניגט אין זיך גרויסע שאַרפזיניגקייט, און די תורה איז א פעלד, וואָס מען קאָן בעארבייטען נאָר מיט די געצייג. א סך פלאָנטערס האָט ברוריה פערנאַנדערגעפלאָנטערט, און א סך דונקעלע שטעלען האָט זי העל אויפגעלויכטען, איהר וואָרט און פסק דין האָבן געגאָלטען, ווי דאָס וואָרט און פסק דין פון איהר מאַן, דעם גרויסען תנאים רבי מאיר. אָבער פון רבי מאיר׳ן, וועלכער איז געווען דער גרעסטער פון זיין צייט און אזוי שאַרפזיניג, אַז ער האָט געקאָנט מטהר זיין א שרץ מיט ק"ן טעמים, האָט מען געזאָגט: „עס איז נישט קיין וואונדער, אז ער וויים אזוי פיעל און איז אזוי שארפזיניג: ער האָט דאָך ברוריה׳ן פאר א ווייב!"

דאָך רבי מאיר׳ן האָבען די ווערטער נישט געאַרט און נישט בעליידיגט, ווייל ער איז זעהר שטאָלץ געווען אויף איהר, און ער האָט זי אונענדליך געליעבט. און יעדען טאָג פלעגט ער זאָגען אין זיינע תפלות: „אַ וואונדערבאַרען עדעלשטיין האָסטו בעשאַפען און פון אַלע דיינע קנעכט האָסטו מיך אויסגעקליעבען מיט איהם צו בעשיינען — ווי זאָל איך דיר דאַנקען, גאָט?"

ב.

האָבען די תּלמידים פון רבי מאיר געזאָגט: „מיט אַלע מעלות איז געבענשט געוואָ־רען ברוריה און צו א וואונדערבאַרען עדעלשטיין גלייכט זי צו אונזער רבי, מיט וועל־כען גאָט האָט אויסגעקליבען איהם צו בעשיינען, אָבער צו איז דאָך נישט איהר האַרץ בלויז דאָס שוואַכע האַרץ פון אַ פרוי, און ווי די פארבען אין דעם עדעלשטיין, אזוי שפּיעלען און בּייטען זיך אין איהר די תּאוות? ווער זאָגט אונז, אַז איהרע אויערן זיינען פערשטאָפּט צו פערפיהרערישע רעד, וועלכע פאַלען אויף איהר ווי הייסע פונ־קען און מאַכען איהר האַרץ ווי וואַקס צוגעהן? מיט אַלע מעלות איז אויך גע־בענשט געוועזען אונזער מוטער חוה, פון וועלכער אַלע ווייטערע דורות ווייבער זיינען בלויז אן אָבגלאַנץ, און דאָך זיינען איהרע אויערן אָפען געוועזען פאר דער שלאַנג. און וואו חוה איז געפאַלען, וועט ברוריה זיכער נישט קאָנען איינשטעהן."

אזוי האָבען גערעדט צווישען זיך די תּלמידים פון רבי מאיר, ביז איינמאָל איז עס דערגאַנגען בּיז צו די אויערן פון דעם גרויסען תּנאים. צוערסט איז ער זעהר אויפ־געבראכט געוואָרען, און זיין כעס האָט אין איהם געקאָכט, ווי דאָס זידענדיגע וואַסער אין אַ פּייערקעסעל. ער האָט געוואָלט טרעפען מיט זיין צאָרן אלע זיינע תּלמידים און פערטרייבען זיי פון זיך. ווי דערוועגען זיי זיך צו צווייפלען אין איהר צניעות און אין איהר ריינהייט און אין איהר שטאַרקייט אין בייצושטעהן אלע פערפיהרונגען! איז נישט ברוריה אַ יום־טוב־קינד ביי גאָט, און ווער עס בעליידיגט זי מיט זיינע צווייפעל, איז מחלל יום־טוב, איז א זינדיגער און נישט ווערט צו זיצען פאר איהם און הערען פון איהם תורה?

אָבער ער, וועלכער האָט געקאָנט מטהר זיין א שרץ מיט ק"ן טעמים, האָט באַלד נעטראַכט פערקעהרט. ווען ער שיקט אַוועק פון זיך זיינע תּלמידים פאר די צוויי־פעל, וועלכע זיי האָבען אויסגעדריקט אין ברוריה'ן, וועלען זיי אוועקגעהן און זאָגען: „ווען מיר וואָלטען געוועזען אונגערעכט מיט אונזערע צווייפעל, וואָלט רבי מאיר זיך אויסגעלאַכט פון אונז און וואָלט די צווייפעל אויך באַלד פערגעסען. אָבער ווייל זיי זיינען גערעכטע, איז ער אריינגעפאַלען אין כעס און האָט אונז פערטריבען פון זיך."

זיין גרויסער כעס איז יעצט אריבער אין אַ גרויסער פעראכטונג, אָבער דער שאַר־פער קאָפּ האָט ווייטער געטראַכט: בייז איז דעם מענשענס צונג און נעמיין איז דער

צווייפעל פון זיין האַריץ. אויף מטהר צו זיין א שריץ מוז מען זיין א רבי מאיר, אָבער אויף מטמא צו זיין א ברוריה, איז נענוג צו זיין א שריץ. ביז צו דעם טאָג פון איהר טויט וועלען זיי נישט אויפהערען צו רעדען, און ווען איהר הערליכע נשמה וועט פערלאָזען איהר הערליכען לייב אונבעפלעקט און ריין פון זינד, וועלען זיי זאָגען: זי איז געשטאָרבען ריין, ווייל צו איהר איז די שלאַנג נישט צוגעשטאַנען און ווייל גאָט האָט זי נישט אויסגעפּרובירט מיט פערפיהרונג. און דאַן וועלען זיי נאָך זאָגען: גאָט פּרואווט אויס בלויז זיינע שטאַרקע, אָבער ווייל ער האָט געוואוסט ברוריה׳ס האַריץ, אַז דאָס איז שוואַך פאר דעם פערפיהרער, האָט ער זי נישט אויסגעפּרואווט און אָבגעהיט זי פון פערפיהרונג.

ביי דעם גדאַנק האָט ער דערפיהלט אַ גרויסע שוואַכקייט אין זיין גאַנצען קערפער, און אַ שווייס איז אַרויסגעטראָטען אויף זיין הויכער שטערן. וואָס טאָן, אַז די גיפטיגע שלאַנגען-צינגער זאָלען אזוי נישט שטעכען אין זיין ברוריה, און ווי מאַכען, אַז יעדער גדאַנק וועגען איהר זאָל זיין אזוי ריין ווי איהר האַריץ?

זיין גרויסער שכל האָט זיך באַלד דערטראַכט און איהם אונטערגעזאָגט: „זאָלען זיי זי אויספּרובירען!“

א שוידער איז איהם דורכגעלאָפען, און עס איז איהם געוועזען, ווי ער וואָלט זיך דאַרפען שעמען פאר די פיער ווענד, אין וועלכע ער האָט זיך דערוועגט אזוינס צו טראַכטען. אָבער ער האָט שוין נישט געקאָנט צוריק פון דעם גדאַנקען, וועלכער האָט איהם אויסגעזעהן פאר דעם איינציגען אויסוועג. מיט אויספּרובירען זי וועלען פערשטאָפּט ווערען די בייזע מיילער אויף אייביג, און אלע וועלען זעהן, אַז ברוריה זיין ווייב האָט אַ ריין האַריץ ווי א ריינעם גייסט, אַז איהר צניעות איז אזוי גרויס ווי איהר שיינהייט, און איהר טרייהייט צו איהם איז אזוי גרויס ווי איהר קלוגהייט. און יעמאָלט ערסט וועלען זיי בעגרייפען, ווי גרויס איז גאָט׳ס חסד צו זייער דור, אין וועלכען זיין ברוריה לעבט, און ווי גרויס איז זיין אייגען אנזעהן ביי גאָט, וואָס ער האָט איהם זי געגעבען פאַר אַ ווייב.

און רבי מאיר האָט געטראַכט אַ טאָג און צוויי און דריי. זיין עס-לוסט איז איהם אָבגעפאַלען, זיין שלאָף האָט איהם פערלאָזען, און גדאַנקען האָבען זיך אין איהם גע־מעהרט מיט דער שנעלקייט פון א בליץ — איין גדאַנק האָט ארויסגעבראַכט דעם אַנדערן, איינער האָט דעם אַנדערן אונטערגעשטיצט און איינער האָט דעם אַנדערן גע־

פינסקי 3

פּסלט. בערג און בערג פון גדאַנקען, טיעפע, שאַרפע, ווייטגעהענדיגע. און צווישען זיי זיינען געוועזען גדאַנקען, פאַר וועלכע ער האָט זיך געשעמט, וועלכע האָבען איהם שטאַרק בעאונרוהיגט און ארויסגערופען ביי איהם א כעס אויף זיך אַליין. ווי קומען זיי גאָר צו איהם? די צווייפעל — ווי האָבען זיי געקאָנט געפינען איינטריט אין איהם? ווי קאָן ער, ער אליין, וועלכער ווייס דאָך איהר האַריץ אזוי גוט און פאר וועמען איהרע גדאַנקען זיינען ווי אן אָפען בוך—! האָט זי נישט גענוג בעוויזען, ווי פרום און

שטאַרק זי איז ביים טויט פון אירע קינדער? האָט דען נישט די גאַנצע וועלט יע־מאָלט איינגעזעהן, אַז איינציג איז זיין ברוריה?

אָבער דער פרומער תנא, וועלכער האָט דעם כח פון דעם שטן צוגעגליכען צו דעם כח פון גאָט און טויזענדער ווארנונגען ארויסגעשיקט אין לעבען געגען דעם יצר־הרע, האָט מיט שוידער געזוכט פערטיידיגונג פאר זיך און זיין איינענער יצר־הרע־מורא. און פערשעמטערהייט, מיט אַ ציטער אויף די ליפען האָט ער געפליסטערט:
„זיי מיר מוחל, ברוריה, דו הייליגע מיינע, אָבער זאָלען זיי דיך אויספרואווען.“

ג.

האָט רבי מאיר פערזאמעלט צו זיך אַלע זיינע תלמידים און געזאָגט צו זיי:

„עס האָט דערגרייכט צו מיר, וואָס איהר רעדט וועגען ברוריה מיין ווייב, און אייערע צווייפעל וועגען איהר האָבען פערנומען מיינע אויערען. ווען איינער האָט צווייפעל אין זיין חבר אָהן קיין שום גרונד, וואָס זאָל דער חבר טאָן? זאָל ער נישט קומען און זאָגען: וואָס איז דער גרונד פון דיינע צווייפעל, און דיין ספקות מיט וואָס האָב איך זיי ביי דיר ארויסגערופען? און זאָל ער נישט זאָגען: דו ביזט אַ שלעכטער חבר, אַז נישט וואָלסטו קיין צווייפעל צו מיר נישט ארויסגערופען, ווען דו האָסט קיין גרונד צו זיי נישט. זאָל איך אייך יעצט נישט זאָגען, אז איהר זייט אַלע שלעכטע מענשען, נישט ווערט צו זיצען פאר מיר, ווייל אייערע אייגענע מחשבות זיינען זינדיג און איהר אַליין זייט אַ שפּיעלצייג אין די הענד פון דעם פערפיהרער, דערפאר צווייפעלט איהר אויך אין דער ריינהייט פון ברוריה מיין ווייב? וואָלט איך נישט געוועזען גערעכט, ווען איך שיק אייך אַלעמען אַוועק פון מיר און שטאָפּ פאר אייך צו די קוואַלען פון מיין תורה?"

א שרעק איז אָנגעפאַלען אויף די תלמידים און א גרויסע אונרוהיגקייט האָט זיך בעזעצט אין זיי. די פון זיי, וועלכע האָבען מעהר פון אַלעמען ארויסגעזאָגט די צווייפעל און פערשפּרייט זיי, זיינען געבליבען זיצען מיט אַראָבגעלאָזענע אויגען, בעשעמטע און געשלאָגענע. אָבער די פון זיי, וועלכע האָבען זיך נאָר צוגעהערט צו די צווייפעל און אַליין זיי קיינמאָל נישט ארויסגערעדט, האָבען געקוקט ארום זיך דערשראָקענע, אויפגערודערטע, ווי זיי וואָלטען געזוכט די שולדיגע. און איינער איז אויפגעשטאַנען און האָט געזאָגט:

„רבי, דו ווערסט דאָך נישט בעשטראָפען די הערער ווי די רעדער."

אָבער רבי מאיר האָט געענטפערט:

„איין שטראָף פאר די הערער ווי פאר די רעדער. ווייל נישט די מויז אַליין איז דער גנב, נאָר אויך דאָס לאָך."

דאָ האָבען די תלמידים ארויסגערעדט שטיל און פערשעמט:

„אָבער מיר צווייפלען נישט מעהר."

רבי מאיר האָט זיך צולאַכט:

„שיינע תּלמידים האָב איך אין אייך, און איהר וועט עס פערשפּרייטען די תּורה אין ישׂראל! א י ה ר וועט דאָך מטהר זיין א שרץ נאָר אויס איין טעם: ווען עס וועט זיך אייך לוינען.“

נאָך אַראָבגעפּאַלענער זיינען ביי זיך געבליבען די תּלמידים, און רבי מאיר האָט ווייטער גערעדט צו זיי, אויף זיין שטייגער, מיט אַ משל:

„א פוקס האָט אָנגעטראָפען א הון און צו איהר גיזאָגט: „איך האָב געהערט אויף דיר זאָגען, אַז דו צווייפעלסט, אַז איך בין פון אַלע חיות די צניעות'דיגסטע, דער־פאר וועל איך דיך גלייך צורייסען.“ האָט זיך די הון דערשראָקען און ארויסגערעדט מיט תּחנונים: „איך צווייפעל עס נישט, און אויב איך האָב עס ווען געצווייפעלט, וועל איך שוין מעהר נישט צווייפלען.“ און דער פוקס, וועלכער איז געוועזען גוט אויפ־געלעגט, ווייל ער איז געוועזען זאַט, האָט ווייטער געזאָגט צו איהר: „איך לאָז דיך יעצט אָב, אָבער געדענק, אויב דו וועסט נאָר ווען עס איז ארויסברייגגען פון דיין מויל דעם קלענסטען צווייפעל, ביזטו א בן־מות.“ האָט די הון זיך געשוואָרען, אז זי וועט קיינ־מאָל נישט ארויסברייגגען פון איהר מויל דעם קלענסטען צווייפעל. אָבער ווען דער פוקס האָט זי אָבגעלאָזען און איז אַוועקגעגאנגען פון איהר, האָט זי אונטערגעלענט איהר קאָפּ אונטער איהר פליגעל און אזוי בגנבה'דיג ארייגגעטראַכט אין זיך, אַז עס איז נישטאָ קיין גרעסערער רשעכע ווי דער פוקס.“

יעצט האָט רבי מאיר דערהעכערט זיין שטימע און געזאָגט:

„ניין, נישט מיט אָנשרעקען וועל איך פערניכטען אין אייך די צווייפעל, וועלכע איהר טראָגט צו ברוריה מיין ווייב. איהר וועט זיי דאָך בלויז בעגראָבען ביי זיך טיעף אין האַרצען און אָנזאָגען אייערע געדאַנקען, זיי זאָלען זיך קיינמאָל נישט ארויסדער־הערען אויף אייערע ליפּען. איהר וועט אייך זאָגען, אז איהר זייט גערעכט, נאָר ווייל איהר האָט מיך נישט געוואָלט פערליערען, האָט איהר אייך אונטערגעגעבען. אָבער איך וויל, איהר זאָלט אויף אן אמת מעהר נישט צווייפלען. פון אייערע הערצער זאָלען די צווייפעל ארויסגעטריבען ווערען און אייערע נשמות זאָלען פון זיי אויסגעהיילט ווערען.“

די תּלמידים זיינען געזעסען שטיל, ווי זיי וואָלטען בעטראַכט, ווי דאָס זאָל גע־שעהן, און איינער אַ נישט־פאַרזיכטיגער האָט אויסגערופען:

„אַז דו צווייפעלסט נישט, וועלען מיר אויך נישט צווייפלען.“

רבי מאירס געזיכט איז צוערסט זעהר רויט געוואָרען, אָבער דאַמאָלס האָט ער קיין וואָרט נישט ארויסגערעדט, ווי ער וואָלט זיך איינגעהאַלטען צו רעדען אין זיין גרויסען כעס. דערנאָך איז זיין געזיכט גאַניץ בלייך געוואָרען, און איינגעפאַלען און אויסגעצויגען, פון גרויסער אויפרעגונג אין איהם, און ער האָט געזאָגט:

„וועה דעם, וועמעס געדאַנקען זיינען די געדאַנקען פון א נאַר, און נאָך מעהר וועה איהם, ווען ער בעהערשט נישט זיינע ליפּען. האָט איהר דען פריער געצווייפעלט, ווייל איך האָב געצווייפעלט? ווער פון אייך וועט זיך דערוועגען צו זאָגען, אַז רבי

מאיר האָט געצווייפעלט אין ברוריה זיין ווייב? אָבער אייערע צווייפעל, וועלכע איהר האָט נישט געקאָנט בעהאַלטען אין זיך און געמוזט זיי ארויסגאַווערן פון זיך און ארײנ־שיפען איינער דעם אַנדערען אין די אויערן, ווי די גיפטיגע שלאַנגען, זיינען געוואָרען ווי אַ קוואַל פון אַ מגפה, אָנשטעקענדיג און פערגיפטענדיג רעכטס און לינקס, נאָהנטע און ווייטע. אויך מיך האָט איהר אָנגעשטעקט מיט אייער צווייפעל, און ווי איהר רעד איך שוין אויך: פיעלייכט איז ברוריה מיר טריי, ווייל דער פערפיהרער איז צו איהר נישט צוגעטראָטען."

די פון די תלמידים, וועלכע האָבען די ערסטע אויסגעדריקט די צווייפעל, האָבען געוואָלט מיט נצחון אויפהעבען די קעפ, אָבער זיי האָבען זיך איינגעהאַלטען, נאָר טיעף אין זיך געשמייכעלט און קוים געקאָנט זיך בעהערשען, אַז דער שמייכעל זאָל נישט אַ שטיף טאָן אויף זייערע ליפען. אָבער דער קלוגער רבי מאיר האָט בעמערקט דאָס נצחון־פייערל, וואָס האָט אויפגעבליצט אין זייערע אויגען, און ארויסגערעדט מיט שטאַר־קערער שטימע, פאר וועלכער זיי האָבען זיך דערשראָקען:

„איך האָב קיינמאָל אין ברוריה מיין ווייב נישט געצווייפעלט, און דער קלענסטער חשד איז מיר נישט אויפגעגאַנגען וועגען דער ריינהייט פון איהר האַרצען. אָבער אייער בייז גיפט האָט זיך איינגעגעסען אין מיינע ניערען, און אייער געשטאַנק האָט געבאָרען אין מיר עיפּוש־געדאַנקען. יעצט זאָג איך מיר: דער עפּעל איז וואונדערשיין, אָבער ווער ווייס, וואָס עס טוט זיך אין זיין האַרצען? אָט אזוי האָט איהר געבראכט מיט דעם סם פון אייער צווייפעל, אַז רבי מאיר זאָל צווייפעלן אין דער ריינהייט פון דעם האַרץ פון ברוריה זיין ווייב. זאָל איך אייך נישט פון מיר מיט שטעקענס פערטרייבען און מיט קללות? נאָר איך האָב אַנדערס בעשלאָסען. וואָס טוט מען אום אויסצוגעפינען, צי דער שיינער עפּעל האָט אַ געזונד האַרץ? מען שניידט איהם אויף. אויך איך וויל אויפשניידען, וויל אריינקוקען אין ברוריה'ס האַרץ, פּרובירען איהרע ניערען. און הערט, וואָס איך האָב אָבגעטראַכט: גאַנצע דרייסיג טעג וועל איך מיך צו איהר אין טבריא נישט בעווייזען — דרייסיג טעג, גלויב איך, זיינען גענוג אויף אויסצופּרובירען די שטאַרקייט פון אַ פרוי, ווען איהר מאַן איז נישטאָ לעבען איהר — און איהר קלייבט אייך אוים איי־נעם פון אייך, וועלכער זאָל נעמען אויף זיך איהר פערפיהרער צו זיין — —"

## ד.

נישט איין מענער־האַרץ האָט אויפגעציטערט, ווען רבי מאיר האָט ארויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער זיינע. די מעגליכע נאָהנקייט פון דער וואונדערפולער ברוריה האָט ווי א הייסער שטראָם דורכגעריזעלט פון קאָפּ ביז פוס גאָר א סך פון רבי מאיר׳ס תלמידים. אָבער אַם שטאַרקסטען האָט אויפגעשלאָגען דאָס האַרץ פון דעם שיינעם שמעון, דעם זוהן פון רבי ישמעאל, און ער האָט געמוזט צומאַכען זיינע אויגען דורך דעם רייצנעפיהל, וואָס איז דורכגעלאָפען דורך איהם.

דער שענסטער פון אלע תלמידים איז געוועזען שמעון דער זוהן פון רבי ישמעאל. ווען א רוימישע מאַטראָנאַ האָט איהם איינמאָל דערזעהן, איז איהר געוועזען, ווי דער גריעכישער גאָט אַדאָנים, דער גאָט פון קראַפט און יוגענד און שיינהייט, האָט זיך מגייר געוועזען און אוועקגעזעצט זיך לערנען די אונפערשטענדליכע אידישע תורה, און זי האָט איהם גערופען „דער איד־געוואָרענער אַדאָנים“. הויך אין וואוקס איז ער געוועזען, און שלאַנק און פלינק, מיט רויטליכע האָר אויף קאָפּ און בערדעל, און אויגען, וואָס זייער פאַרב האָט זיך געביטען מיט די צייטען פון טאָג און דעם צושטאַנד פון זיין געמיט און וועמעס בליק קיינער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטען. אויס פרומקייט פלעגט ער צומאַכען די אויגען, ווען ער פלעגט זיך אָנטרעפען מיט אַ פרוי, כדי ער זאָל נישט געבאָרען אין אַ אידישער טאָכטער קיין שלעכטען געדאַנק. אָבער ער האָט איינמאָל נישט צוגעמאַכט די אויגען פאר ברוריה׳ן און אנשטאָט צו פערברענען איז ע ר אָנגעצונדען געוואָרען, און זיינע אויגען האָבען אריינגעברענט אין זיך איהר בילד, ווי א זיגעל אויף א ברענענדיגען טריפוואַקס, נישט אויסצולעשען. פון יעמאָלט אָן האָט ער נאָר זי געזעהן פאר זיך, זי איז געוועזען זיין חלום ביי דער נאַכט, און זיין געדאַנק ביי טאָג, און דאָס תורה־לערנען האָט איהם נישט געקאָנט העלפען. זיין גרויסע מענליכע שיינהייט האָט געפונען איהר צווילינג אין ברוריה׳ן, און ער האָט געלעכצט נאָך איהר, ווי נאָך עטוואָס, וואָס האָט שטענדיג געהערט צו איהם, ווי נאָך עטוואָס, וואָס האָט שטענדיג געמוזט זיין זיינס. ער איז געוועזען פרום אלע זיינע יאָהרען, און געוואוסט פון הייסע תפלות און שווערע תעניתים, פון פייניגען דעם קערפער און ריינינגען די נשמה, אָבער זיינע תפלות איצטער זיינען געוועזען נישט קיין חרטה און נישט קיין שרעק פאר זינד, נאָר אנקלאַגען און טענות. עס איז איהם געוועזען, ווי

נאָט האָט אים נישט נעגעבען, וואָס עס קומט איהם, אוועקגענומען ביי איהם, וואָס האָט איהם אַליין נעמוזט געהערען. און פאַר וואָס האָט גאָט געבראַכט ברוריה'ן אין זיין וועג? און פאַר וואָס האָט ער איהם נישט צוגעמאַכט די אויגען ביי דער בעגעגנונג? און אין זיינע אונרוהיגע, אָפט פיעבערישע געדאַנקען האָט ער אָנגעוויזען גאָט, ווי ער קאָן נאָך קומען צו דער, וועלכע איז איהם געווען בעשערט. רבי מאיר קאָן שטאַרבען, און ער וועט ירשענען ברוריה'ן. און אויב גאָט וויל נישט דעם טויט פון דעם צדיק, קאָן ברוריה רבי מאיר'ן פערלאָזען, צו'גט'ען זיך מיט איהם און אריינקומען אין די ארמס פון איהר שיינהייטס-צווילינג. קאָן גאָט עס נישט דער-וויזען?

און יעצט ווען רבי מאיר האָט אָבגערעדט, איז איהם געווען, ווי גאָט האָט דער-הערט זיינע תפלות, און ער האָט געוואוסט בעשטימט, אַז ער וועט זיין דער אויסגע-וועהלטער אויף דורכצופיהרען דעם ווילען פון דעם אַלמעכטיגען. און רבי מאיר, ווען ער האָט ארויסגעזאָגט, וואָס ער האָט אָבגעטראַכט, האָט געווענדט זיין בליק אויף שמעון דעם זוהן פון רבי ישמעאל, ווי ער וואָלט איהם אויסגעקליבען צו טאָן די געפעהרליכע שליחות. אָבער ער האָט גאָרנישט געזאָגט, קיין עצה נישט געגעבען, נישט אָנגעוויזען מיט ווערטער, ועמען ער וואָלט אויסגעקליעבען. ער איז גלייך ארויס פון דער ישיבה און געלאָזען די תלמידים אליין, זיי זאָלען אויסקלייבען פון זיך ועמען זיי ווילען.

און ווערליג פיעלע אויגען האָבען זיך געווענדט צו שמעון דעם זוהן פון רבי ישמעאל, איז זיין אויסקלייבונג דאָך נישט געווען קיין איינשטימיגע. ווייל נאָך אייניגע פון די תלמידים האָבען געוואָלט נעמען אויף זיך די דאָזיגע שליחות, און דאָס זיינען געווען די יעניגע, וועלכע האָבען אם העכסטען אויסגעדריקט זייערע צווייפעל אין ברוריה'ס שטאַרקייט.

און איינער האָט געזאָגט:

„אום ברוריה'ן צו פערפיהרען, דאַרף מען זיין נישט דער שענסטער, נאָר דער קלינסטער. צו איהר קאָן מען צוקומען נישט דורך איהרע אויגען, נאָר דורך איהרע אויערן. איהרע אויגען קאָן זי פערמאַכען פאַר דעם שענסטען בילד, אָבער עס איז ניטאָ קיין שטאָף געגנוג, מיט וועלכען זי זאָל קאָנען פערשטאָפּען איהרע אויערן פאַר קלוגע רעד. דאָס שיינע בילד, וואָס זי וועט דערזעהן, וועט פערפליהען, ווי זי וועט זיך נאָר אָבקעהרען פון איהם, אָבער דאָס קלוגע וואָרט וועט בלייבען זיצען אין איהר האַרץ און וועט דאָרטען גראָבען און עגבוירען. געדענקט, אַז אויך אונזער מוטער חוה איז פערפיהרט געוואָרען מיט קלוגע ווערטער פון דער קלוגער שלאַנג, ווי עס שטעהט אין פסוק: „און די שלאַנג איז געוועזען קלינער פון אלע חיות אין פעלד." און אויב ברוריה וועט ביישטעהן דעם קלוגען וואָרט, איז איהר שטאַרקייט דאַן איבער אלע צווייפעל."

און ער האָט עס גערעדט אזוי, אַז אַלע זאָלען זעהן, אַז ער איז דער קלינסטער און ער דאַרף געשיקט ווערען.

אָבער א צווייטער האָט געזאָגט:

„אום ברוריה׳ן צו פערפיהרען, דאַרף מען זיין נישט דער שענסטער און נישט דער קליגסטער, נאָר דער שטאַרקסטער, ווייל וואָס איז די שיינהייט פון אונזער שענסטען געגען איהר שיינהייט, און וואָס איז די קלוגהייט פון אונזער קליגסטען געגען איהר קלוגהייט. אונזער שענסטער וועט בטל ווערען פאר איהר און וועט זיך פרענען: „פאר וואָס בין איך אזוי מיאוס?“ און אונזער קליגסטער וועט שטעהן פאר איהר ווי אן אומגעלומפערטער נאַר. אָבער די נאָהנטקייט פון א זעהר שטאַרקען מאַן וועט זיך לעגען ווי אַ נעפּעל אויף איהרע חושים, דער אָטעם פון גרויסער מענליכער קראַפט וועט אריינדרינגען אין איהר ווי ווײן און וועט זי פערשיכורען. אום צו מאַכען א פרוי אריינצובייסען אין א פערבאָטענעם עפּעל, דאַרף מען האָבען א קלוגע שלאַנג, אָבער אום צו מאַכען א פרוי צו פערלאַנגען נאָך אַ פרעמדען מאַן, מוז מען האָבען א מאַן, וועמעס גבורה און קראַפט זאָלען ווירקען אויף איהר ווי די צוויי שטיינער פון דער מיהל. און אויב ברוריה וועט ביישטעהן גרויסער מענליכער קראַפט, איז איהר שטאַרקייט איבער אלע צווייפעל.“

און ער האָט עס געזאָגט אזוי, אַז אַלע זאָלען זעהן, אז ער איז דער שטאַרקסטער און ער דאַרף געשיקט ווערען.

דאָך א דריטער האָט געזאָגט:

„אום ברוריה׳ן צו פערפיהרען, דאַרף מען זיין נישט דער שענסטער און נישט דער קליגסטער און נישט דער שטאַרקסטער, נאָר דער וואוילגעלערנטסטער. ווייל אויב אונזער חבר איז גערעכט אין אלץ, וואָס ער האָט געזאָגט וועגען דעם קליגסטען און דעם שענסטען, מוז ער דאָך אויך איינזעהן, אַז אויב מענליכע קראַפט וועט ברוריה׳ן נישט בעריהרען. ווארום זי וועט זיך זאָגען: נאָך שטאַרקער איז א ווילדער אָקס און ווער איז שטאַרקער פאַר אַ לייב, זאָל איך דערפאַר אויסגעהן אין תאוה נאָך דעם ווילדען אָקס און דעם לייב און דעם העלפאַנט? אָבער דער וואוילגעלערנטסטער פון אונז וועט וויסען, ווי ארויסצורופען איהר בעוואונדערונג, וועט געווינען איהר האַרץ דורך זיין שארפזיניגקייט אין דער תורה, און אויב איהר מאַן, אונזער רבי מאיר, קאָן מטהר זיין א שרץ מיט ק״ן טעמים, וועט איהר פערפיהרער מיט צוויי מאָל ק״ן טעמים דאַרפען בעווייזען איהר, אז ראובן האָט נישט געזינדיגט מיט בלהה זיין פאָטער יעקב׳ס ווייב, אז דוד המלך האָט נישט געזינדיגט מיט בת שבע דער ווייב פון אוריה דעם התיער, און אז איהר זינד געגען איהר מאַן וועט אויך קיין זינד נישט זיין. און אויב ברוריה וועט ביישטעהן דער גרויסער פלפול-קראַפט פון דעם וואוילגעלערנטסטען אונטער אונז, איז איהר שטאַרקייט איבער אלע צווייפעל.“

און ער האָט עס געזאָגט אזוי, אַז אַלע זאָלען וויסען, אַז ער האַלט זיך פאר דעם וואוילגעלערנסטען און ער דאַרף געשיקט ווערען.

איז אויפגעשטאַנען א פיערטער און האָט געזאָגט:

„אום ברוריה׳ן צו פֿערפֿיהרען, דאַרף מען זיין נישט דער שענסטער און נישט דער קלינסטער און נישט דער שטאַרקסטער און אויך נישט דער וואוילגעלערנטסטער. ווארום זיין גאַנצע וואוילגעלערנטקייט וועט זיין א גאָרנישט געגען איהר וואוילגעלערנטקייט, און ווער זאָגט אונז, אַז ער וועט נישט בלייבען זיצען פֿאר איהר, ווי א תלמיד פֿאר א רבי, און איהרע ווערטער וועלען זיין, אז אין אונזער ישיבה לערנט מען די תורה נאָר אום צו כשר׳ען זינד? דערפֿאר זאָג איך, אַז אום ברוריה׳ן צו פֿערפֿיהרען מוז מען זיין דער בעריהמטעסטער, און ווער איז דער בעריהמטעסטער, אויב נישט דער, וועלכער קאָן צוגעבען צו זיינע אייגענע מעלות און צו זיין אייגענעם גוטען נאָמען אויך דעם יחוס פֿון זיין משפחה? מיט גרויסע מעלות איז געבענשט אונזער רבי רבי מאיר איהר מאַן, אָבער ער שטאַמט אָב פֿון גרים און זיין אָנהויב איז אַן אונריינע קוואַל. ווי וועט ברוריה׳ס האַרץ מוזען צושמעלצען אין ברענענדיגען פֿערלאַנג, ווען זי וועט דערפֿיהלען די נאָהנטקייט פֿון איינעם, וועלכער פֿיהרט זיין יחוס פֿון מלכות בית דוד? און ערסט ווען זי וועט ביישטעהן דער פֿערפֿיהרערשאַפֿט פֿון אַ געראָטענעם שפּראָץ פֿון אזא גרויסען יחוס, איז איהר שטאַרקייט איבער אַלע צווייפֿעל.“

אז ער האָט געמיינט מיט דעם זיך אַליין, האָט נישט געקאָנט זיין קיין ספֿק, ווייל דאָס איז געוועזען איינער, וועלכער האָט בעהויפּט, אַז ער שטאַמט אָב פֿון מלכות בית דוד, און ארומגעטראָגען זיך מיט זיין יחוס, ווי א פּאַווע מיט איהר עק.

און יעצט האָט זיך אויפֿגעהויבען איינער, וועלכען אַלע האָבען אָנגעקוקט אין גרויסער איבערראשונג מיט ווייט פֿערנאַנדערגעריסענע מויל און אויגען, ווייל קיינער האָט נישט געקאָנט גלויבען, אז אויך ד ע ר וועט אויפֿטאָן זיין מויל צו רעדען, און ער האָט געזאָגט:

„אום ברוריה׳ן צו פֿערפֿיהרען מוז מען זיין דער אונגליקליכסטער.“

און ווייל די גרויסע ערשטוינונג, מיט וועלכע אַלע האָבען איהם אָנגעקוקט ביי זיין אויפֿשטעהן, איז יעצט אריבער אין גרויסען געלעכטער, האָט ער ארויסגערעדט מיט שטאַרקערער שטימע און מיט האַרץ:

„יא, דער אונגליקליכסטער און דער עלענדסטער! איהר וועט נישט קאָנען צוקומען צו ברוריה׳ס האַרץ, ווי נאָר מיט רחמנות. איך דאַרף איהר נאָר דערצעהלען מיט טרויער אין קול און שמערץ אין די אויגען, ווי איך האָב קיינמאָל טאַטע-מאַמע נישט ארויסגעבראַכט פֿון צווישען מיינע ציינער, ווייל מיין טאַטע איז געשטאָרבען פֿאר מיין געבורט און מיין מאַמע ביי מיין געבורט. ווי איך ווייס אפֿילו נישט, ווער זיינען מיינע ערציהער געוועזען, ווייל איך בין אריבער פֿון האַנד צו האַנד, און איינער האָט מיך געפֿונען אויף דער שוועל פֿון זיין הויז אין דער גרויקייט פֿון פֿאר-טאָג און אַן אַנדערער האָט זיך אָנגעשטויסען אָן מיר פֿאר זיין טיר אין דער דונקעלהייט פֿון דער שוואַרצער נאַכט. ביי טאָג האָט מיך געברענט די זון און ביי נאַכט האָט מיך געגעסען דער פֿראָסט, און מיין הונגער האָב איך געשטילט מיט מיינע געשרייען. אויף דער גאַנ-

צער וועלט האָט זיך קיינער נישט געפונען, וואָס זאָל מיך וועלן צונעמען אנשטאָט אַ זוהן, יעדער האָט געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ בייזע אָנשיקעניס, און נאָר די מורא פאַר גאָט און זיינע געבאָטען האָט אָבגעהאַלטען די מענשען, זיי זאָלען מיך דעם טויט נישט איבערגעבען. און אזוי בין איך אויסגעוואַקסען אין הונגער און נויט און עלענד, אָהן לאַסקע, אָהן א קוס, אָהן א גוט וואָרט, אָהן א צערטליכען בליק, אָהן דעם קלענסטען צייכען פון ליעבע, דאָך מיט אַ ברענענדיגער בייגקעניס נאָך ליעבע און לאַסקעס אין האַרצען. און איך זאָג אייך, אויב ברוריה וועט נישט אויפפלאַקערן אין זיגדיגער ליעבע אויס רחמנות צו מיר, איז איהר שטאַרקייט איבער אלע צווייפעל."

און ווייל זיינע ווערטער האָבען געמאַכט אַ רושם, איז ער געוועזען זיכער, אַז ער וועט זיין דער אויסגעוועהלטער.

אָבער יעצט האָט ווידער אָנגעהויבען דער ערסטער, און נאָך איהם דער צווייטער, און דאן ווידער דער דריטער און דער פיערטער און דער פינפטער, און דאַן אלע אויף א מאָל. איינער האָט געוואָלט אריבערשרייען דעם אנדערן און איינער האָט געוואָלט מבטל זיין דעם אנדערן. און נאָך אנדערע האָבען זיך אריינגעמישט אין זייערע רעד, און באַלד איז אין דער ישיבה געשטאַנען א גערויש, ווי צווישען א גרויסען עולם אויף דעם אָפענעם מאַרק-פלאַץ אין א געשעפטיגען מאַרק-טאָג.

נאָר איין שמעון דער זוהן פון רבי ישמעאל האָט נישט גערעדט. ער איז געוועזען זיכער, אַז ער וועט זיין דער אויסגעוועהלטער, ווייל אַזוי האָט אָנגעזאָגט רבי מאיר מיט דעם בליק פון זיינע אויגען און ווייל אַזוי וויל גאָט, און ווייל ער האָט פעראייניגט אין זיך צו זיין גרויסער שיינהייט אויך די איבעריגע אייגענשאַפטען, וועלכע זיינען אזוי נויטיג געוועזען אום ברוריה'ן צו פערפיהרען. ווארום אויך פאַר דעם אונגליקליכסטען האָט ער זיך געפיהלט. ווארום ווער קאָן דען זיין אומגליקליכער פאַר איהם, צו וועמען גאָט איז געוועזען אזוי האַרט און אַוועקגענומען ביי איהם, וואָס האָט געזאָלט זיין זיינס, און דאַן איהם נאָך בעוויזען, וואָס ער האָט פערלאָרען, און אָנגעפילט זיין האַרץ מיט האָפנונגסלאָזיגקייט און מיט שמערץ? און ווען עס וועט קומען די שעה און ער וועט ברוריה'ן דערצעהלען די ליידען, וועלכע ער איז זיך אויסגעשטאַנען, און דעם שמערץ, וועלכען ער האָט איבערגעלעבט, וועט רחמנות בעזיעגען און איינגעמען איהר האַרץ און מאַכען פלאַץ פאַר דער אָנקומענדיגער ליעבע.

און שמעון האָט געשמייכעלט אין דעם גרויסען גערויש און קיין וואָרט נישט געזאָגט. און אַז עס איז אַ ווײַלע שטיל געוואָרען, האָבען זיך ווידער פיעלע אויגען געווענדט צו איהם, און מען האָט זיך דערמאָהנט, אַז אייגענטליך האָט רבי מאיר איהם אויסגעקליבען מיט זיין בליק, און מען האָט פלוצלונג בעגריפען, אַז קיין פאַסענדערער שליח ווי דער שיינער שמעון איז ניטאָ, און אויב ברוריה וועט ביישטעהן דער פערפיהרערשאַפט פון דעם איד געוואָרענעם אַדאָניס, איז איהר שטאַרקייט איבער אלע צווייפעל.

און פון פערשיעדענע זייטען האָט מען אָנגעהויבען צו שרייען: „שמעון זאָל געהן! דער שיינער שמעון! דער שיינער זוהן פון רבי ישמעאל!“

און אזוי איז שמעון דער זוהן פון רבי ישמעאל אויסגעוועהלט געוואָרען דער פּרובירשטיין צו זיין פּאר דער שטאַרקייט און ריינהייט פון דעם האַרץ פון ברוריה, דער ווייב פון דעם תנא רבי מאיר.

ה.

ער איז געקומען צו איהר מיט אַ בריעף פון איהר מאַן רבי מאיר, און אין דעם בריעף איז בלויז געשטאַנען: „דער איבערברייננגער, איינער פון מיינע תלמידים, וועט דיר אַליין דערקלערען."

ער האָט זי געפונען אין איהר גאָרטען פאַר איהר הויז אַליין מיט איהרע געדאַנקען, און זי האָט געזאָגט, אַ ביסעל אויפגערעגט, אין אַ פאָרגעפיהל פון אַ שלעכטער בשורה:

„ענטשולדיג, וואָס איך בעט דיך נישט אין מיין הויז אריין און באָט דיר גאָרנישט אָן אויף אונטערצולעהנען דיין האַרץ און לאָז דיך נישט פעררוהען זיך, אָבער איך בין זעהר אונגעדולדיג."

שמעון האָט אַ ווײַלע איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, אָבער דאָס האָט ער געטאָן, אום צייט צו געווינען אויף נאָך אַ מאָל איבערצוזעהן אין קאָפּ דאָס, וואָס מען האָט אין דער ישיבה אָבגעטראכט און אויסגעקליגט, אַזוי אז דאָס דערצעהלטע זאָל זיך לענען אויפ'ן שכל, דאָס אויסגעטראַכטע זאָל זיך אָנהערען ווי ריינער אמת, און די אַזוי קלוגע ברוריה זאָל זיך נישט אָנשטויסען אָן קשיות און קרומהייטען און מאַכען צו נישט דעם גאַנצען פּלאַן. און דאַן האָט ער אָנגעהויבען, מיט שטילער, עניוות'דיגער, אונ־טערקויפענדיגער און זיך איינקויפענדיגער שטימע, קוקענדיג אראָב צו דער ערד, ווי עס פּאַסט פאר א פרומען תורה־לערנער, א תלמיד פון דעם פרומען רבי מאיר:

עס גרייטען זיך ווידער פאָר שלעכטע גזרות אויף אידען, די צייטען פון דעם קיסר אַדריאַן ווילען זיך אומקעהרען. מילה זאָל פערבאָטען ווערען, און שבת־האַלטען און תורה־לערנען.

ברוריה האָט ארויסגעפליסטערט מיט וועהטאָג:

„דער שלעכטער קלאַנג וויל בייזע ווירקליכקייט ווערען."

כאַפּערס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען נאָך די דריי ראש ישיבה'ס רבי מאיר און רבי שמעון דעם זוהן פון יוחאי און רבי יהודה דעם זוהן פון אילעאי: מען וויל די קעפּ אָבשניידען, וועט דער גוף ממילא טויט זיין.

ברוריה, אויפגעטרייסעלט און בלייך, האָט מיט שרעק אויסגערעדט:

„האָבען זיי זיי געכאַפּט ?!"

ניין, די כאַפּערס האָבען זיך נאָך נישט בעוויזען; פּיעליייכט איך איז די ידיעה וועגען זיי גאָר א פאַלשע און זיי וועלען קיינמאָל נישט קומען. אָבער שוין האָט רבי שמעון דער זוהן פון יוחאי זיך בעהאַלטען און רבי יהודה האָט צוגעמאַכט זיין ישיבה און פערנאַנדערגעלאָזען זיינע תלמידים, ביז דער שטורם וועט פארבייגעהן. אליין רבי מאיר וויל נישט פערלאָזען דעם פּלאַץ, אויף וועלכען גאָט האָט איהם אַוועקגעשטעלט, און האָט אויסגעטראַכט אַ פּלאַן.

און ברוריה, וועלכע האָט געהאַט צוגעמאַכט די אויגען און אויפגעהויבען דעם קאָפּ צום הימעל מיט דאַנק אין האַרצען, וואָס איהר מאַן איז נישט אזוי שרעקעדיג ווי די אַנדערע, האָט יעצט ווייט פערנאַנדערגעריסען די אויגען און איינגעגעסען זיך מיט זיי אין שמעונען, גאַניץ נייגיריג אויף דאָס, וואָס רבי מאיר האָט אָבגעטראַכט.

און שמעון האָט דערצעהלט דעם פּלאַן מיט רוהיגער שטימע און מיט דער זיכערהייט פון א דערצעהלטען אמת, אָבער דאָך מיט אַ געוויסער פאָרזיכטיגקייט אין דעם בעוואוסטזיין און אַ מורא פאר דעם נייגיריגען בליק פון איהרע קלוגע אויגען:

איינער פון די תלמידים זאָל אַוועק צו רבי מאיר'ן אַ־היים אין טבריא און וואוינען דאָרטען אין זיין הויז לעבען ברוריה'ן זיין ווייב. און עס וועט זיין, ווען עס וועלען קומען די כאַפּערס נאָך רבי מאיר'ען, וועלען די תלמידים דערקלערען, אַז זיי געהען שוין לאַנג ארום, ווי שאָף אָהן א פאַסטוך, וויייל רבי מאיר האָט זיי פערלאָזען און געפינט זיך אין טבריא ביי זיך אין דער היים לעבען ברוריה'ן זיין ווייב. און אז זיי וועלען קומען א־היים צו רבי מאיר'ן, וועלען זיי געפינען דעם תלמיד, וועלכען זיי וועלען מוזען אָננעמען פאַר רבי מאיר'ן, וויייל ער וואוינט אונטער איין דאַך מיט ברוריה'ן. און אַזוי וועט רבי מאיר נישט אויפהערען צו לערנען די תורה מיט זיינע תלמידים, וואָס איז זעהר נויטיג פאר דעם קיום פון דעם אידישען פאָלק, דער עיקר נאָך אין א צרה־צייט.

ברוריה איז ענטטוישט געבליעבען, איהר האַרץ איז נישט געוועזען מיט דעם פּלאַן. אזוי פיעל קשה'דיגס אין איהם און גאַניץ משונה'דיגס. זי האָט אַ וויילע נאָכגעטראַכט, אליין געזוכט אַ תירוץ אויף פערשידענעס און ענדליך געפרעגט:

„ווי, ווען די כאַפּערס קענען רבי מאיר'ן?“

אָבער דער תירוץ איז שוין געווען אָנגעגרייט פון פריער, און שמעון האָט געענטפערט מיט בערוהיגענדיגער שטימע:

„האָסטו נישט געהערט, ווי איך האָב געזאָגט: „וועלען די תלמידים דערקלערען“? ווען די כאַפּערס וועלען קומען אין דער ישיבה, וועלען זיי רבי מאיר'ן נישט געפינען, וויייל אַ בעהעלטעניס איז שוין אָנגעגרייט פאר איהם און שומרים וועלען היטען זייער אָנקום. און אז זיי וועלען קומען אהער און דערקענען, אז איך בין נישט רבי מאיר, וועסטו לענקען זייערע טריט אויף נייע וועגען, און רבי מאיר וועט זוכען נייע רעטונג. אָבער דענק דיר, ווען זיי קענען איהם נישט, ווען זיי נעמען מיך אָן פאַר רבי מאיר'ן?“

און שמעון האָט זיך אויסגעגלייכט, אויפגעהויבען דעם קאָפּ און בעוויזען איהר זיינע אויגען, וועלכע זיינען געווען דונקעל ברוין אין אָבגלאַנץ פון דער אונטערגעהענ־דיגער זון צווישען די הויכע גרינע בוימער.

און ברוריה האָט אַ טראַכט געטאָן: עס וועט נישט זיין קיין וואונדער, אויב די כאַפּערס וועלען אָנגעמען דעם דאָזיגען מאַן פאַר רבי מאיר'ן. דאָך איהר האַרץ האָט נישט געוואָלט לייכטער ווערען, און זי האָט געפרעגט מיט טרויעריגען געמיט:

„ווי לאַנג וועט עס דאַרפען געדויערן?"

דער תירוץ איז שוין געווען א פאַרטיגער:

דרייסיג טעג. אויב אין פערלויף פון דרייסיג טעג וועלען זיך די כאַפּערס נישט בעווייזען, איז די ידיעה וועגען זיי געוועזען א פאַלשע.

אין שמעון'ען האָט עס אויפגעלאַכט. דער פּלאַן איז אזוי געלונגען און גלאַט אראָבגעגאַנגען, און יעצט וועלען זיך אָנהעבען פאַר איהם די דרייסיג טעג, וועלכע וועלען ווערען די רייכסטע און גליקליכסטע טעג אין זיין לעבען.

אָבער ברוריה האָט שווער אויפגעזיפצט. דרייסיג טעג פון אונזיכערהייט און שרעק, פון צער און ביינקעניס. און זי האָט געפרעגט נאָך טרויעריגער ווי פריער:

„וועט רבי מאיר גאָר אַ־היים נישט קומען די גאַנצע דרייסיג טעג?"

און שמעון האָט פרום, כמעט מיט אַ פאָרוואורף, געזאָגט:

„וואָלסטו געוואָלט, ער זאָל אַוועקנעמען פון דער תורה און אַוועקגעבען דיר? עס קאָן זיין, אַז דאָס זיינען געצעהלטע טעג פאַר אונזער ישיבה און פאַר דער תורה אין איהר."

און גאַנץ נידערשלאָגען האָט זי קוים אַרויסגעפּליסטערט: „וועט רבי מאיר גאָר קיין שליח נישט שיקען צו לאָזען פון זיך הערען?"

שמעון האָט געענטפערט קורץ:

„נאָר ווען רבי מאיר'ן זאָל געשעהן עפּעס שלעכטס, קאָנסטו זיך ריכטען אויף אַ שליח."

זי האָט טרויעריג און פערדראָסיג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, גאַנץ אונצופריעדען מיט דעם, וואָס איהר קלוגער מאַן האָט אָבגעטראַכט. אָבער זי האָט מעהר קיין קשיות נישט געוואָלט פרעגען און דערמאָנט זיך אויף איהרע פליכטען אַלס גאַסט־אויפנעמע־רין. און אזוי האָט זי אריינגענומען איהם, וואָס איז געשיקט געוואָרען איהר פרוביר־שטיין צו זיין, אונטער איהר דאַך און אָבגעגעבען איהם דאָס צימער פון רבי מאיר איהר מאַן. און עס וועט זיין, אַז עס וועלען קומען די כאַפּערס, וועלען זיי קיין ספק נישט האָבען, אַז דאָס איז דער ראש ישיבה רבי מאיר, וועלכער האָט פערלאָזען זיין ישיבה און זיינע תלמידים און לעבט אַן אָבגעזונדערט לעבען אין זיין היים לעבען זיין שיינער ווייב.

ו.

און שמעון איז אַריין אין רבי מאיר׳ס צימער, וואָס דאַרף פון יעצט אָן זיין זיין וואוינונג גאַנצע דרייסיג טעג, און האָט זיך אַוועקגעזעצט לערנען. ער האָט געוואוסט, אַז זיין שטימע איז שיין און זיס און זעהר מענליך, האָט ער אָנגעהויבען צו לערנען אויפ׳ן קול. און עס איז איהם געווען, אַז ווען ער זאָל אַוועקמאַכען דעם טעפּיך, וועלכער האָט אָבגעטיילט רבי מאיר׳ס צימער פון די אנדערע, וועט ער געפינען ברוריה׳ן שטעהן לעבען טעפּיך, צוהערענדיג זיך צו זיין לערנען און צו זיין שטימע. ער האָט זי געפיהלט, געהערט איהר אטעם, געאטעמט איהר דופט. אָבער ער האָט זיך געריבען די שטערן, צו פערטרייבען די פרעמדע געדאַנקען. ער האָט געוואָלט לערנען מיט התמדה, ברוריה זאָל נישט דערקענען אין זיין לערנען עטוואָס געמאַכטס, אָבער אַז אויך די תורה זאָל זיך נישט בעליידיגען און גאָט זאָל אויף איהם נישט ברגז ווערען.

די גאַנצע ערסטע דריי טעג האָבען זיי זיך נישט געזעהן. זיין עסען פלעגט איהם אריינברייננגען די אלטע דיענסט, און אַז ער פלעגט פערלאָזען זיין צימער, פלעגט ער דורכגעהן צו דער דרויסענטיר מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען און נישט קוקען רעכטס און נישט קוקען לינקס, ווי איינער, וועלכער האָט גרויסע און שווערע געדאַנקען אין זיין קאָפּ און האָט מורא געשטערט צו ווערען. ערסט אויפ׳ן פיערטען טאָג אין אָווענד האָבען זיי זיך געטראָפען, ווייל עס איז געווען די ערב שבת־נאכט, און ער האָט געמאכט קידוש און געזונגען פרומע געזאַנגען און גאָט געבענשט פאַר דאָס עסען, מיט געהויבענער שטימע, שבת׳דיג, בעגייסטערט און בעגייסטערנדיג. און ער האָט געוואוסט, אַז ער איז זעהר שיין און איהם אָנצוקוקען איז אַ נחת רוח, און אַז זיין שטימע איז הערליך און זי צו הערען איז אַן עונג שבת. ער האָט זעהר וועניג געקוקט אויף ברוריה׳ן, אָבער אז ער פלעגט אויפהעבען אויף איהר די אויגען, איז זי דורכגעדרונגען געוואָרען פון אַ ווייטען טיעפען קוק, פול מענליכער קראַפט און דאָך פיעל טרויער. און די פארב פון זיינע אויגען איז געווען טיעף דונקעל ווי די נאַכט, און אין זיי האָבען אָבגעגלאַנצט די פיעלע ליכט, וועלכע האָבען בעלויכטען דאָס שבת׳דיגע צימער און דעם שבת׳דיגען טיש.

און ביי דער נאַכט אויף זיין געלעגער האָט ער אָנגעהויבען אריינצוזינגען אין דער דונקעלהייט פון זיין צימער פערשיעדענע פסוקים פון תנ״ך, וועלכע ער האָט

געקאָנט אויף אויסווענינג, און צווישען זיי גאָר אַ סך פון דעם ליידענשאַפטליכען ליבעגעזאַנג, פון שיר השירים. מיט אַן איינגעהאַלטענער שטימע, אום קיינעם אין דעם שלאָף נישט צו שטערען, אָבער וועלכע האָט אָנגעפילט דאָס גאַנצע הויז מיט זיסער טרויער און גרויסער אונרוה.

און ברוריה איז געלעגען אויף איהר געלעגער און געביינקט נאָך רבי מאיר איהר מאַן. און ווייל שבת טאָר מען נישט וויינען, האָט זי געטריבען פון זיך די ביינקענים אויך די טרויער, און שטיל נאָכגעזאָגט נאָך שמעונ׳ען די פסוקים, וועלכע האָבען דערגרייכט צו איהר, און געטראַכט, אז ער איז אַ גאַנץ מערקווירדיגער מענש, דער תלמיד פון איהר מאַן, און אז ער מוז געוויס זיין איינער פון די בעדייטענדסטע אונטער די תלמידים, ווייל ער איז אויסגעקליבען געוואָרען צו געהן אַלס רבי מאיר. און זי האָט געטראַכט: אויב יעדער איד, און ווי פראָסט ער זאָל נישט זיין, האָט אין זיך אַ חלק פון גאָט פון אויבען, וואָס פאַר אַ חלק פון גאָט מוז אין זיך האָבען דער איד, וועלכער האָט אין זיך תורה און חכמה און שיינהייט און אַ זיסע שטימע און איידעלע מידות? — —

אויף מאָרגען האָבען זיי זיך ווידער געזעהן ביים שבתדיגען טיש. ער האָט קידוש געמאַכט און פרומע געזאַנגען געזונגען און גאָט געבענשט פאַר דאָס עסען מיט געהויבענער שבתדיגער שטימע, אין וועלכער עס האָט זיך אָבער אָנגעהערט אַ געוויסע אונרוה און אַ טרויעריגקייט. און ווידער האָט ער זי נאָר זעלטען אָנגעקוקט, מיט זיין ווייטען טיעפען בליק, פול מענליכער קראַפט און דאָך פול אומעט. און די פארב פון זיינע אויגען איז געוועזען העל־בלוי, ווי דער הימעל דרויסען, און פון זיי האָט אַרויסגעשטראָמט שטאַרקער ווילען און הערשער־מאַכט. אויך ברוריה׳ן פלעגט יעדעס מאָל ביי זיין בליק דורכגעהן אַן אונאַנגענעמער שוידער, און זי האָט געטראַכט, אַז בעסער וואָלט געוועזען, ווען רבי מאיר זיצט יעצט לעבען איהר, און עס האָט איהר הנאה געטאָן, וואָס דער שבת געהט שוין אַוועק, און זי וועט איהם געוויס די גאַנצע וואָך מעהר נישט זעהן — אָט דעם מערקווירדיגען מאַן, וועלכער האָט אין זיך גאָר אַ גרויסען טייל פון גאָט. — — —

נאָך הבדלה האָט זי מיט אַ זייטענבליק בעגלייט איהם אין זיין צימער, און עס איז איהר געוועזען, ווי זי ווערט פון עפּעס בעפרייט. אָבער ער איז פּלוצלינג געבליעבען שטעהן אין דער טיר און האָט זיך געווענדעט צו איהר מיט גרויסער ווייכקייט:

„זיי מיר מוחל, מיין הארינטע, די בליקען, מיט וועלכע איך האָב דיך אָנגעקוקט נעכטען און היינט.“

זי האָט שטרענג און גלייכגילטיג געזאָגט:

„זיינען דאָס געוועזען בליקען, פאַר וועלכע דו דאַרפסט מחילה בעטען?“

„האָסטו זיי נישט געפיהלט?“

„זיי האָבען מיך נישט בעליידיגט.“

ער איז אָבגעטראָטען פון דער טיר, אין וועלכער ער איז געשטאַנען:

„אָה, זיכער האָבען זיי דיך נישט בעלײדיגט. ווי וואָלטען זיי דאָס נאָר געקאָנט! אָבער זיי האָבען דיר געדאַרפט וועה טאָן.“

„וועה טאָן?“

זי האָט איהם נישט פערשטאנען.

„דיין מוטערהאַרץ.“

ער האָט עס ארויסגערעדט שטיל, מיט אַ זיפץ און געבראָכענעם געמיט, אָבער זי האָט אַלץ נאָך נישט פערשטאַנען. מיינט ער נישט איהרע צוויי קינדער, וועלכע זיינען איהר געשטאָרבען אין איין טאָג, אין אַ שבת=טאָג? זיינע בליקען זיינען אַפילו געוועזען זעהר טרויעריג, אָבער ווי האָט זי געקאָנט זעהן אין זיין טרויער נאָך איהרע קינדער אָדער רחמנות אויף איהר? און זי האָט אַרויסגערעדט גאַנץ טרוקען:

„איך פערשטעה דיך אַלץ נאָך נישט.“

דאַן האָט ער איהר דערצעהלט אַ מעשה פון גרויסען מוטער=אומגליק און פון נאָך גרעסערען העלדענווייב=מוט. מיט פיעל טרויעריגקייט און גרויסער גערידהרקייט אין זיין שטימע, און זיינע אויגען האָבען געקוקט הייט, ווי זיי וואָלטען געזעהען דאָרטיך פאר זיך אַ זעהונג פון געטליכען וואונדער. דאָס איז געוועזען איהר אייגען גרויס אומגליק און איהר אייגענער העלדענמוט, אָבער ער האָט עס דערצעהלט וויא אַ מעשה, וועלכע האָט זיך אַ מאָל פערלאָפען, ווי אַ וואונדער, וואָס איז ערגעץ וואו געשעהען.

עס איז געוועזען אַ מאָל א אידישע פרוי, די ווייב פון א גרויסען תלמיד חכם, און זי האָט געהאַט צוויי וואונדערשיינע זיהן. קליינע נאָך, אָבער שוין גרויסע האָפנונגען. זייער טאַטע איז געוועזען גערלאָטען, אָבער מען האָט געקאָנט זעהן, אז זיי וועלען זיין נאָך גערעטענער. ווער עס האָט זיי געזעהן, האָט זיי געמוזט ליעב געווינען. זייער אָנבליק האָט אָנגעפילט די הערצער מיט פרייד און גענאָסען וואַרמקייט אין אַלע גליעדער. און די מוטער האָט נישט געוואוסט ווי גאָט צו דאַנקען פאר דער גרויסער מתנה, וועלכע ער האָט איהר געמאַכט. אָבער פלוצלונג ברעכט אויס א מגפה אין דער שטאָדט, וואו זי האָט געוואוינט, און אין איין שיינעם שבת שטאַרבען איהר ביידע זיהן, ווען דער מאַן איז געוועזען איך בית מדרש און געזאָגט תורה פאר אידען. אום דעם מאַן דעם שבת נישט צו פערשטערען, ווען ער וועט קומען א=היים, האָט זי אוועקגעלעגט ביידע קינדער אין א ווייטען צימער און איבערגעדעקט זיי מיט שוואַרצען טוך, און אַלייך האָט זי זיך אוועקגעזעצט צו ווארטען אויף איהר מאַן, שבת׳דיג אָנגעטאָן און מיט אַ שבת׳דיגען געזיכט. און ווען דער מאַן איז געקומען, האָט ער אויף איהר נישט דערקאָנט, אַז א דונער האָט אייגגעשלאָגען אין דעם הויז און פערניכטעט דאָס שענסטע, וואָס ער האָט פערמאָגט. געוועהנט צו זעהן די קינדער ביי זיין שבת=טיש, האָט ער געפרעגט:

„וואו זיינען אונזערע זיהן?“

און זי האָט צום ערסטען מאָל אַ ליגען איהם געזאָגט, און איהר שטימע איז געוועזען רוהיג און חניפה׳דיג:

„סאָלדאַטען האָבען דורכמאַרשירט די שטאָדט מיט מוזיק, און די קינדער האָבען געוואָלט זעהן דעם פרעהליכען סאָלדאַטען־מאַרש. זיי האָבען אזוי שיין געבעטען, אַז איך האָב זיי נישט געקאָנט אָבזאָגען און געלאָזען זיי געהן מיט דער אלטער דיענסט."

פערוואונדערט האָט דער מאַן זי אָנגעקוקט:

„אַ קינדער־מגפה הערשט אין שטאָדט, דער מלאך־המות געהט ארום איבער די גאַסען, און דו האָסט אוועקגעלאָזען אונזערע זיהן צו א סאָלדאַטען־מאַרש?!"

זי האָט ארויפגעלעגט איהר קאָפּ אויף זיין ברוסט, ווי איבערצובעטען איהם, און געזאָגט:

„ווען גאָט וויל, טרעפט ער אין דער גרעסטער אָבגעזונדערטקייט."

ווען די שטונדען פון טאָג האָבען זיך געמעהרט, האָט ער ווידער געפרעגט:

„פאַר וואָס קומען נאָך נישט צוריק אונזערע זיהן?"

און ווידער האָט זי רוהיג אוּן בערוהיגענדיג געענטפערט:

„דער מאַרש איז נאָך זיכער נישט פאָריבער, אָדער זיי האָבען זיך געווים וואו פערשפּיעלט."

און זי האָט איהם געבעטען, ער זאָל זי מוחל זיין, וואָס זיי האָבען אזוי קינדיש די היים פערגעסען, און ארייננגערעדט אין איהם, ער זאָל זיך נישט בעאונרוהיגען — ער זעהט דאָך, אַז זי איז רוהיג.

אָבער ווען עס איז דונקעל געוואָרען, און ער האָט געדאַרפט מאַכען הבדלה, האָט ער שוין זעהר בעאונרוהיגט געזאָגט:

„איך פערשטעה דיך נישט, ווי קאָנסטו אזוי רוהיג זיין. עס איז שוין אזוי פינסטער און אונזערע זיהן זיינען נאָך ניטאָ!"

דאָך זי האָט ווידער רוהיג און בערוהיגענדיג געזאָגט:

„איך בין רוהיג, ווייל איך וויים, אַז גאָט איז מיט זיי אויף אַלע זייערע וועגען."

יעצט האָט ער זיך געשעמט אונרוהיג צו זיין און אָבגעמאַכט הבדלה. ווען ער האָט אָבגעזאָגט אַלע זיינע תפלות, האָט זי זיך געווענדט צו איהם רוהיג און געלאַסען:

„איך האָב צו דיר א שאלה, מיין מאַן. איינער האָט מיר געגעבען צו בעהאַלטען צוויי וואונדערבאַרע עדעלשטיינער, מיט דעם אָנזאָג, אַז איך קאָן זיי געברויכען און הנאה האָבען פון זיי. און איך האָב זייווירקליך געברויכט און אויך שטאַרק הנאה געהאַט פון זיי. זיי זיינען געוועזען מיין צירונג און מיין שפּיעלצייג און מיין אונענדליכע פרייד א סך מיט יאָהרען. יעצט איז געקומען דער בעל־פּקדון און בעט זיי ביי מיר צוריק. זאָל איך זיי איהם אַוועקגעבען אָדער נישט?"

גאַניץ פערוואונדערט האָט דער מאַן זי אָנגעקוקט און ערשטוינט אַרויסגערעדט:

„דו פרעגסט? קאָן עס ביי דיר גאָר זיין אַ שאלה? זיי איהם דאַנקבאַר פאַר דער פרייד, וועלכער ער האָט דיר פערשאַפט מיט זיינע צוויי עדעלשטיינער א סך מיט יאָהרען, און גיב זיי איהם אָב צוריק."

האָט זי איהם אָנגענומען פאַר דער האַנד און אַוועקגעפיהרט אין דאָס צימער, וואו די צוויי טויטע קינדער זיינען געלעגען, און אָבגעדעקט זיי:

„זעהסט, גאָט האָט אונז געגעבען אַ פקדון צוויי וואונדערבאַרע עדעלשטיינער. היינט האָט ער זיי ביי אונז אוועקגענומען. לאָמיר דאַנקבאַר זיין פאַר דער פרייד, וועלכער ער האָט אונז פערשאַפט...“

שמעון האָט מעהר נישט געקאָנט רעדען. זיין געריהרטקייט איז אָנגעשטיגען, זיין שטימע איז דערשטיקט געוואָרען אונטער טרערען.

ברוריה אָבער האָט איהם די גאַנצע צייט נישט איבערגעריסען אין זיין ערצעהלונג. זיין שטימע איז געוועזען אַזוי שיין און אַזוי רירענד, און האָט אַזוי מערקווירדיג אויפגעריהרט אין איהר די אַלטע וואונד און אויפגעפרישט דעם גרויסען שמערץ. און זי איז נאָכגעגאַנגען נאָך זיינע ווערטער און נאָך דעם גרויסען שמערץ אין זיך, טיעפער אַליין און טיעפער, פערביסענער, איינגעשפּאַרטער. און אַז ער האָט איבערגעריסען זיין ערצעהלונג אין גרויסער געריהרטקייט, איז זי געוועזען זעהר בלאַס, מיט אויגען פערגליווערטע אין ערגעץ אַ ווייטקייט. און זי האָט געפרעגט מיט אַ שטימע, וועלכע איז ארויסגעקומען פון גאַנץ אויסגעטריקענטע האַלז און מויל:

„צו וואָס האָסטו מיר פון מיין אומגליק דערצעהלט? צו וואָס האָסטו אויפגעפרישט מיין וואונד? מיינסטו, איך האָב מיינע זיהן נישט געליעבט? גלויבסטו, איך האָב זיי פערגעסען?“

און שמעון האָט געענטפערט:

„זיי מיר מוחל, אויב איך האָב דיר וועה געטאָן. אָבער זינט איך האָב געהערט פון רבי מאיר דיין מאַן די געשיכטע פון דיין וואונדערליכען בענעמען, האָב איך אַליין געוואָלט אויסגעפינען, פון וואַנען האָסטו גענומען דעם מוט, און די גרויסע שטאַרקייט פון וואַנען איז זי געקומען צו דיר. און ווען איך ביך געזעסען נעכטען און היינט ביי דעם שבת־טיש, האָבען מיינע בליקען געזוכט די ערקלערונג אין דיין מוטערהאַרץ.“

ער האָט זי אָנגעקוקט רחמנות־פול, און זי האָט געזאָגט נאָך אַ קליינעם שווייגען:

„דו האָסט פערגעסען, אַז איך בין דעם מאַרטירער רבי חנינא בן תרדיון׳ס אַ טאָכטער. ווען דער רוימישער תליון האָט איהם געברענט אויף אַ לאַנגזאַמען פייער, איז ער געלעגען און האָט געלערנט די תורה, ווי ער וואָלט קיין שמערצען נישט געפיהלט. מיינסטו אויך, אַז ער האָט קיין שמערצען נישט געפיהלט דענקסטו, אַז ער האָט דאָס פייער נישט געשפירט? אָבער גאָט איז אין איהם געוועזען אַזוי שטאַרק, אויך נישט מינדער שטאַרק איז ער אין מיר.“

שמעון האָט צוגעמאַכט די אויגען, ווייל אַ טיעפער וועהטאָג האָט זיך איהם פּלוצלונג אריינגעשניטען אין האַרצען, און ער האָט זיך איינגעבויגען און געקוסט דעם זוים פון איהר קלייד. און ברוריה האָט זיך פעררויטעלט און שטיל ארויסגערעדט, כמעט ארויסגעפליסטערט:

„און איך ליעב שטאַרק מיין מאַן. אום איהם צו טרייסטען, האָב איך געפונען קראַפט אין מיר מיין שמערץ אין צוים צו האַלטען און אין טרערען נישט צופלאָסען ווערען."

און שמעון איז ארויס פון צימער, נישט ארויסרעדענדיג קיין וואָרט, און ווי אַ בלינדער, וועלכער טאַפּט פאר זיך זיין וועג, מיט דעם טיעפען וועהטאָג אין האַרצען און א קאַלטען שוידער אין גאַנצען קערפּער.

ברוריה אָבער האָט פערוואָרפען די הענד אויפ'ן קאָפּ און איז געבליבען זיצען ווי פערשטיינערט, מיט איהרע צוויי מתים, וועלכע זי האָט נישט אויפגעהערט צו ליעבען, די אויגען אָנגעשטעלט אין דער וויים, פול שמערץ און בייגקענים נאָך פערגאַנגענע פריידען און פערלאָרענע האָפנונגען, מיט אַ שרייענדיגען, שיער צופלאַצענדיגען האַרץ, אָבער אָהן טרערען אין די ברענענדיגע אויגען.

גאָט האָט געגעבען, גאָט האָט צוגענומען; גאָט'ס נאָמען זאָל זיין געבענשט.

ניין, זי וועט נישט וויינען, אפילו ווען די וואונד און דער שמערץ זיינען אויפגעוועקט געוואָרען אויף אזא ריהרענדיגען אופן.

און פלוצלונג האָט זי זיך פערטראַכט וועגען דעם מאַן, וועלכער האָט אויפגעוועקט אין איהר דעם שמערץ אויף אַזאַ ריהרענדיגען אופן, וועגען זיין שטימע און זיינע אויגען און דעם אַזוי טיעף מיטפיהלענדיגען אויסדרוק פון זיין געזיכט.

אָבער שמעון האָט דערפון נישט געוואוסט. טיעף פערוואונדערט האָט ער אַריינגעשפּרייזט אין די געדיכטע, שוואַרצע דונקעלהייט פון זיין צימער און איז געבליבען שטעהן אָהן אַ בעוועגונג, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען, די אויגען צוגעמאַכט. זיין ליעבע וועט קיין אָבקלאַנג נישט געפינען, די האָפנונגען, וועלכע ער האָט זיך געמאַכט, זיינען נאַריש. די דאָזיגע וואונדערבאַרע פרוי, וועלכע האָט געקאָנט בעוועלטיגען אין זיך דעם גרעסטען שמערץ, ווייל זי איז אזוי ריעזיג שטאַרק אין איהר גאָט און אין איהר ליעבע צו איהר מאַן, זי וועט זיכער קאָנען ביישטעהן אַלע פערפיהרונגס-קונצען און יעדעם תאוה-געדאַנק. זי וועט זיין שיינהייט נישט בעמערקען און זיין קלוגהייט נישט פערשפירען. איהרע אויגען וועלען זיין פערמאכט פאַר איהם, און וועט זי איהם אָנקוקען, וועט זי איהם דאָך נישט זעהן. און ווען זיין האַרץ וועט פערבלוטען, וועט זי עס נישט וויסען, אָדער זי וועט זאָגען: ער פערדיענט די שטראָף. וואָס האָט ער דאָ צו טאָן? וואָס וויל ער דאָ נאָך מעהר? אומקעהרען זאָל ער זיך, צוריק אין דער ישיבה אַוועק און ברייגגען זיי די געוויסהייט, אַז עס איז ניטא קיין שטאַרקערע פרוי פאַר ברוריה'ן, און בעגראָבען אין זיך דעם איינענעם שמערץ אויף אייביג.

ער האָט אויסגעשטרעקט די הענד אין דער פינסטערניס, ווי צום אויפשרייען, און געמאַכט זיי צו האַרטע פויסטען, ווי זיין וועהטאָג איינצודריקען, און אין דער איינענער רגע פערשפירט, אַז ער וועט זיך נישט אומקעהרען, ווייל זיין בייגקענים נאָך ברוריה'ן איז גרויס, און דרייסיג טעג בלייבען אין איהר נאָהנטקייט, ווער קאָן עס אָבשאַצען? דרייסיג טעג זעהן און הערען זי, ווער קאָן זאָגען דעם גרויסען ווערט

דערפון? און אַז ער זאָל יעצט קומען צוריק, וועלען די חברים צו איהם זאָגען: מיר האָבען דאָך אַלע געוואוסט, ווי ברוריה איזשטאַרק געוועזען אין דעם טאָג פון דעם טויט פון איהרע ביידע זיהן, און פון דעסטוועגען האָבען מיר דיך געשיקט אַ פּרובירשטיין צו זיין פאַר איהר שטאַרקייט און ריינהייט. אָבער וויל מיר האָבען געוואוסט, אַז דיי טעג זיינען ווייניג, האָבען מיר בעשטימט גאַנצע דרייסיג. און ווער ווייס, אפשי איז איהר האַרץ גאַנץ שוואַך געוואָרען אונטער דער שווערער משא, וואָס דער טויט האָט אויף איהר אַרויפגעלעגט, און זי וועט דער ליעבע נישט קאָנען מעה בייטטעהן?

און עס איהם געוועזען ביי דעם לעצטען געדאַנק, ווי עס וואָלט ליכטיג געוואָרען אין דער געדיכטער דונקעלהייט פון דעם צימער. און זעה, די דיענסט האָט טאַקע אריינגעטראָגען אַ ליכט, און ער האָט זיך שטאַרק דערפרעהט און אַוועקגעזעצט זיך לערנען. מיט אַ שטימע, וועלכע האָט געדאַרפט צוברייגען צו ברוריה׳ן, וואָס פאַר אַ גרויסע נאָגענים ער טראָגט אין זיין האַרצען.

ז.

ער האָט אָבגעטראַכט, ווי ער דאַרף זיך בענעמען, און אויסגעלעגט, ווי ער דאַרף זיך אויפפיהרען. ער וועט ווידער נישט בעווייזען זיך צו איהר ביז שבת, נאָר זיין שטימע וועט ער איהר לאָזען הערען. פון פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט זאָל זי זיין שטימע הערען — זיין שטימע, וועלכע איז אזוי שיין און זיס און אזוי מעגליך. דורך אַלע חדרים זאָל זיין שטימע זי פערפאָלגען, און אין גארטען פאר איהר הויז, און אין דער איינזאַמקייט פון איהר בעט. אין איהרע געדאַנקען זאָל זי זי בעגלייטען און צוזינגען איהר אין איהרע תפלות. און שטענדיג ביי צופעליגער בעגעגנונג וועט זיין באָרד זיין פערקעמט, און דער צודעק פון זיין קאָפּ וועט אזוי זיצען איבער זיין הויכען שטערן, אז זיין שיינהייט זאָל בעצווינגען איהרע אויגען, און די האלטונג פון זיין קערפּער זאָל ברוריה'ן ברייננען אויף די געדאַנקען, אויף וועלכע עס איז געבראַכט געוואָרען די רוימישע מאַטראָנא. —

דעם ערשטען טאָג פון דער וואָך איז זיין שטימע אין זיין לערנען זעהר טרויעריג געוועזען, און אויך דעם צווייטען און דעם דריטען טאָג איז זי זעהר טרויעריג געוועזען, און אין יענע טעג איז זיין ווייטער בליק ביי זייערע צופעליגע בעגעגניסען פול געוועזען מיט רחמנות און צער. אָבער אויפ'ן פיערטען טאָג האָט זיך זיין שטימע געענדערט. פול פרייד איז זי געוועזען און פול אויפלעבונג, און אז זיי האָבען זיך צופעליג געטראָפען, האָט ער זי אָנגעקוקט מיט התלהבות, מיט פריידיגער בעגייסטערונג, און זי איז געבליבען שטעהן און נאָכגעקוקט איהם, נישט פערשטעהענדיג, פון וואַנען די גרויסע ענדערונג. די טרויעריגקייט אין זיינע שטימע און דעם אומעט פון זיינע אויגען האָט זי פערשטאַנען און פערשיידענאַרטיג אויסגעטייטשט. זיין אייגען לעבען איז זיכער קיין פריידיגס נישט געוועזען, און דאָס גאַנצע פאָלק ישראל פערגעהט פון אייביגע פערפאָלגונגען, און איהר הויז איז אן אבל־הויז. ווי קאָן אַ מענש אונטער איהר דאַך גאָר פרעהליך זיין? איהר שכנה'שאַפט מוז טרויער אָנוואַרפען. אָבער די אויפגעלעבטקייט פון זיין שטימע און די פרעהליכקייט פון זיין בליק האָט זי נישט בעגריפען און נישט געוואוסט פאַר זיי קיין ערקלערונג. דעם גאַנצען טאָג האָט זי זיין שטימע בעאונרוהיגט, אָבער נאָך שווערער איז זי איהר געוואָרען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אין דער איינזאַמקייט פון איהר בעט. פאר וואָס איז ער אזוי פרעהליך?

וואָס זינגט אין איהם אַזוי שמחהדיג? און זי האָט געטראַכט: ווי זעהען יעצט זיינע אויגען אויס? און זי האָט זיך פאַרשעמט פאַר דעם געדאַנק און אַריבערגעשיקט איהרע מחשבות צו רבי מאיר׳ן און געביינקט נאָך איהם און געוואָלט, אַז די דרייסיג טעג זאָלען שוין וואָס שנעלער אַריבער.

אויף מאָרגען און איבערמאָרגען האָט די גרויסע אויפגעלעבטקייט איהם נישט אָבגעבלאָזען, און ברוריה איז נישט אַרויס פון איהר פערוואונדערונג. איינמאָל און אַן אַנדערמאָל האָט זי איהם געוואָלט אָבשטעלען ביי אַ צופעליגער בעגעגניס און פרע־גען, וואָס בעדייט די ענדערונג אין איהם. אָבער נישט ברוריה וועט פרעגען, נישט די ווייב פון רבי מאיר. וואָס געהט איהר אייגענטליך דער תלמיד אָן? וואָס זאָל איהר אויסמאַכען, וואָס עס קומט פאָר אין דעם פרעמדען מאַן? נישט זיין מוטער איז זי און נישט זיין שוועסטער, און נישט אפילו אַ פריינדין פון פריערדיגע יאָהרען. פאַסט פאַר ברוריה׳ן נייגעריג צו זיין? איז רבי מאיר׳ס ווייב וו אַלע ווייבער? אָבער בעמערקט האָט זי, אַז דער פרעמדער מאַן איז ווי שענער געוואָרען און קרעפטיגער און פיעל מענ־ליכער.

און ווידער איז אָנגעקומען די שבת־נאַכט, און ער האָט געמאַכט קידוש און געזונגען די פרומע געזאַנגען אוך גאָט געבענשט מיט אַ נאָך מעהר געהויבענער שטימע, גאָך מעהר שבת׳דיג, נאָך מעהר בעגייסטערט און בעגייסטערנדיג. און ווידער האָט ער זעהר ווייניג געקוקט אויף איהר, אָבער אַז ער פלעגט אויפהעבען אויף איהר די אויגען, האָבען זיי געהאַט א ווייטען קוק פול בעוואונדערונג און התפעלות, און די פאַרב פון זיינע אויגען איז געוועזען ווי די פאַרב פון אַ ברענענדיגען רובין אַרומגערינ־געלט מיט שוואַרץ, גלייך אין זיי וואָלטען די שבת־ליכט געברענט.

און ביי דער נאַכט אויף זיין געלעגער האָט ער ווידער אַרויסגעזונגען אין דער דונקעלהייט פון זיין צימער פערשיעדענע פסוקים פון תנ״ך, וועלכע ער האָט געקאָנט אויף אויסווענינג, און דער עיקר זעהר אַ סך פסוקים פון דעם געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען, פון דעם געזאַנג פון ליעבע און ליידענשאַפט און גרויסער בייגקעניס. די שטימע איז געוועזען זעהר פרעהליך, אָבער דאָך האָט געציטערט אין איהר א גרויסע אונרוהע און גערעדט אין איהר אַ שטאַרקע בייגקעניס, ווי זי וואָלט גערופען עמיצען צו זיך, ווי זי וואָלט איינגעלאַדען עטוואָס, וואָס זאָל איהר פרעהליכקייט מאַכען פאַר־פול.

און ברוריה אויף איהר געלעגער איז זעהר אונרוהיג געוועזען. די שטימע פון דעם מאַן האָט זי אין גאַנצען אויסגעפילט, זי האָט זי נישט געקאָנט פון זיך פער־טרייבען. זי האָט געוואָלט טראַכטען פון רבי מאיר׳ן, אָבער זי האָט נאָכגעזאָגט נאָך שמעון׳ען די פסוקים, וועלכע האָבען דערגרייכט צו איהר. און פלוצלונג איז איהר אויפגענאַנגען דער געדאַנק, אַז רבי ישמעאלס זוהן מוז אַ ליעבע טראָגען אין זיין האַרצען. אַ ווייב אָדער א כלה — אָבער ער ליעבט זי זעהר שטאַרק און בייגקט נאָך איהר אונענדליך. און אויב זיין שטמע איז יעצט פרעהליך, איז עס דערפאַר, וואָס פון די דרייסיג טעג איז אַריבער אַ דריטעל, און ער וועט באַלד ווידער קומען צו איהר.

יעצט אָבער האָט זי נישט געקאָנט מעהר נאָכזאָגען נאָך איהם די פּסוקים פון שיר השירים, ווייל דאָס זיינען אַליין געוועזען די פּסוקים פון איהם צו איהר, צו זיין גע־ ליבטער — זיין ווייב אָדער זיין כּלה. און ברוריה האָט פערגראָבען איהר קאָפּ אין איהר קיסען, אריבערגעצויגען דעם צודעק איבער איהם און אַרויפגעלעגט די הענד אויף איהרע אויערן, נישט צו דערלאָזען צו זיך שמעון׳ס שטימע און זיינע פּסוקים, און אָנגעווענדט אַלע איהרע געדאַנקען אויף רבי מאיר׳ן. און אָנגעהויבען צו זאָגען די אַנדערע פּסוקים פון שיר השירים, די פּסוקים פון איהר צו איהם, און איהר האר׳ץ איז אויסגעגאַנגען נאָך איהם, נאָך איהר געליעבטען, נאָך איהר גרויסער ליעבע און בּיינקענים. — —

און וויעדער נאָך הבדלה, איידער ער איז אַריין צו זיך אין צימער האָט ער זיך געווענדט צו איהר מיט גרויסער ווייכקייט:

„זיי מיר מוחל, מיין האַרינטע, די בליקען, מיט וועלכע איך האָב דיך אָנגע־ קוקט נעכטען און היינט.“

זי האָט אויפגעציטערט פון דער אונערוואַרטעטקייט פון זיין ווענדען זיך צו איהר און נישט פערשטאַנען, פאַר וואָס ער בעט מחילה. און זי האָט געפרעגט:

„וואָס פאַר בליקען זיינען זיי דען געוועזען?“

און ער האָט שטיל ארויסגעשעפּטשעט:

„האָסטו דען נישט געמערקט?“

און זי האָט געענטפערט:

„בעגייסטערטע בליקען זיינען דאָס געוועזען, פול בעוואונדערונג און התלהבות. זיי האָבען אָבער דאָך געהערט נישט מיר.“

„ניין: דיר!“

„מיר?“

זי האָט זיך אויסגעגלייכט, און איהר געזיכט איז געוואָרען קאַלט און שטרענג, און ער האָט געזאָגט, פול ענטציקונג:

„יא. דיר! — האָסטו געמערקט, ווי פרעהליך איך בין די לעצטע טעג גע־ וועזען?“

„איך האָב עס אַרויסגעהערט פון דיין שטימע.“

„און ווייסטו די אורזאַך?“

„האָסטו זי מיר דען געזאָגט?“

„איך וועל זי דיר זאָגען: דו ביזט די אורזאך געוועזען!“

דער אויסדרוק פון איהר געזיכט איז נאָך קעלטער געוואָרען, און דער בליק פון איהרע אויגען נאָך שטרענגער. דער שאטען פון כּעס האָט זיך פערשפּרייט איבער איהר שטערן און איהרע ברעמען, און ער האָט אויסגערופען אין ענטציקונג, שנעל, ווי צו פערטרייבען דעם בּייזען שאטען:

„אה ברוריה, הער מיך אויס! דריי נעכט האָב איך געטרויערט מיט דיין טרויער, דריי טעג און דריי נעכט האָב איך נישט אויפגעהערט צו פרעגען, פאר וואָס ביזטו אַזוי האַרט בעשטראָפט געוואָרען מיט דעם טויט פון דיינע ביידע קינדער — דו די אויסגעוועהלטע פון גאָט, דו די געבענשטע! אויב איך האָב דאָס געפרעגט נאָך איידער איך האָב דיך געקאָנט, ווי האָט עס געמוזט אין מיר שרייען, ווען די גרויסקייט פון דיין נשמה האָט זיך ענטפּלעקט פאַר מיר אין איהר גאַנצער פולקייט? דו זאָלסט אַזוי געפּייניגט ווערען?! דו זאָלסט זיין דער קרבן פון אַן אונענדליכען שמערץ?! און עס האָט געבונטעוועט מיין האַרץ אין מיר, און ווי איוב האָב איך נישט געקאָנט געפינען גערעכטיגקייט אין גאָט'ס פיהרונג. און ווען איי־נער הערט אויף צו זעהן גערעכטיגקייט אין גאָט'ס פיהרונג, ווי פינסטער און טרויעריג מוז איהם ווערען די וועלט! אָבער פּלוצלינג אויפ'ן פיערטען טאָג איז מיר געוועזען, ווי גאָט וואָלט אויפגעהויבען פאר מיר אַביסעל דעם פּאַרהאַנג, וועלכער פערדעקט דעם זין פון זיינע מעשים, און געלאָזט מיך אַריינקוקען אין זייער צוועק. ווי וואָלט די וועלט דערקאָנט די גרויסקייט פון דיין נשמה, אויב נישט דורך דעם גרויסען שמערץ, וואָס איז דיך בעפאַלען? ווי וואָלטען מיר געוואוסט, וואָס ברוריה איז, אויב איהר האַרץ וואָלט נישט איבערגענעבען געוואָרען אין דעם פייניגערס הענד? דיינע צוויי זיהן, ווען זיי וואָלטען געבליעבען לעבען, וואָלטען רייכער געמאַכט די מענשהייט מיט נאָך צוויי לעבעדיגע ווענען, פיעלייכט אונגיצליכע, נישטנויטיגע, אונגליקליכע, אָבער דורך זייער טויט האָבען זיי רייכער געמאַכט די וועלט מיט אַ ברוריה. יעצט ערסט ווייסען מיר, וואָס מיר בעזיצען אין דיר, יעצט ערסט ווייסען מיר, וואָס דו ביזט ווערטה. וואָס איז געלעגען אין דונקעלהייט, איז ארויסגע־טראָטען אין העלען ליכט, אונבענרענצטע עשירות, וועלכע איז געלעגען בע־גראָבען, איז אויפגעדעקט געוואָרען צו אַלעמענס געברויך. מיר זיינען אַלע רייכער געוואָרען דורך דיר, און צוקינפטיגע דורות וועלען נאָך געניסען פון דיין רייכטהום. ווי פון אַ לעבענס־ברונען וועט פון דיר די מענשהייט שעפּען קראַפט, און ווי פון אַ הילף־קוואַל וועט זי טרינקען פון דיר טרייסט. זעהט, וועט מען זאָגען, ווי ברוריה האָט בעוועלטיגט איהר ריעזיג־גרויסען שמערץ, איהר דאָפּעלטע אבלות. טוט איהר נאָך און ווערט געטרייסט. אָה, ברוריה, ווען דאָס איז אויפגעגאַנגען מיר ווי אַ ליכט, ווי האָב איך געקאָנט נישט פרעהליך ווערען, און ווי האָט געקאָנט מיין בליק נישט אָננעמען זיך מיט בעגייסטערונג און בעוואונדערונג צו דיר?"

און איידער ברוריה האָט נאָך אויפגעעפענט איהר מויל צו זאָגען עפּעס, איז ער געפאַלען פאַר איהר אויף די קני און געקוסט דעם זוים פון איהר קלייד, פיעל לייגנער ווי צום ערסטען מאָל, און דאַן איז ער אויפגעשטאַנען און אַרויס פון צימער, הויך טראָגענדיג דעם קאָפּ, האַלב טאַנצענדיג, ווי ע סוואָלט געזונגען אין איהם. און באַלד האָט זיך פערנאַנדערגעטראָגען זיין שטימע איבער דאָס גאַנצע הויז, אַ קלינגענדיגע,

זינגענדיגע, גליקליכע, יובעלנדיגע שטימע, פול קראַפט און התלהבות. איז ברוריה יעצט דען נישט פול פון איהם? האָט ער זי דען יעצט נישט געוואונען?

און ברוריה איז געזעסען גאַנץ פערטומעלט, טאַקע פול פון זיין שטימע און פול פון זיין אויסזעהן, און צייטענווייז איז איהר געוועזען, ווי ווען אַ מלאך פון גאָט האָט דאָ צו איהר גערעדט. ערסט ווען זי האָט געקאָנט אָנהעבען צו טראַכטען וועגען דעם, וואָס ער האָט איהר געזאָגט, האָט זי זיך געקאָנט בעפרייען פון איהם. זי איז ווי אויסגעניכטערט געוואָרען און מיט אַ זיפץ אויפגעשטאַנען פון איהר אָרט. און אַזוי האָט זי גערעדט אין איהר אומגליקליכען מוטערהאַרץ:

„עס איז מעגליך, אַז די וועלט איז רייכער געוואָרען, און דאָס איז געוועזען גאָט׳ס כונה אין אַוועקנעמען ביי מיר מיינע קינדער. ער האָט זיינע ציעלען און צוועקען, און זיינע וועגען זיינען פון אונז פערבאָרגען. אָבער איך בין אַזוי אָרם געוואָרען אַזוי ארם...“

ח.

דעם גאַנצען ערסטען טאָג פון דער וואָך האָט מען זיין שטימע קוים געהערט, און ברוריה האָט זיך געוואונדערט. איז ער קראַנק געוואָרען? איז איהם וואָס גע־שעהן? זי האָט כמעט געביינקט נאָך זיין שטימע. די אַלטע דיענסט אָבער האָט איהר געבראַכט די ידיעה, אַז דאָס רוב געהט ער אום איבער'ן צימער הין און צוריק, און ווען ער זעצט זיך אַוועק ביי זיין טיש, פערגראָבט ער דעם קאָפּ אין די הענד און זיצט אָהן אַ בעוועגונג.

און ברוריה האָט געזאָגט, אַז געוויס האָט ער אַ שווערע שטעלע אין דער תורה. אויך רבי מאיר האָט די טבע אזוי אויפצופיהרען זיך ביי אַ שווערען ענין, און דער תלמיד געהט נאָך דעם רבי.

דאָך אין אווענד האָט זיך ווידער געלאָזען הערען זיין שטימע, אָבער גאָר גאַנץ פערענדערט. גאָרנישט איז געוועזען אין איהר פון דער פריערדיגער פרעהליכ־קייט און גאָרנישט פון דעם נאָך פריערדיגען צער. נאָר עפּעס איז געלעגען אין איהר, וואָס האָט געמאַכט ברוריה'ן אָנצושטעלען איהרע אויערן און ארייננעטריפט אונרוה אין איהר הארצען. עפּעס פון בייגקענים איז געלעגען אין איהר, און עפּעס פון געבעט. אַ מין לאַסצען זיך ווי אַ נאָכגעגעבען קינד און אַ מין בעטלען ווי אַן אָרעמאַן אין דער טיר. וואָס וויל יעצט זיין שטימע זאָגען? וואָס זאָל זי יעצט בעדייטען? צו וועמען רעדט ער דאָס יעצט? צו גאָט? צו זיין אייגענעם הארצען? ווי ווייט איז זי, ברוריה, דאָ נוגע? אויב פריער איז זי איהם אין זיין שטימע געלעגען, וואָס וויל ער יעצט פון איהר? בעט ער גאָט פאַר איהר? וואָס וויל ער פון גאָט פאַר איהר?

זי האָט זיך געקעהרט פון זייט אויף זייט אויף איהר געלעגער און געטראַכט, ווי גאַנץ מערקווירדיג דער מאַן איז, און געזעהען איהם פאַר זיך אין זיין גאַנצער שיינהייט, מיט זיין טרויער און זיין התלהבות, און מיט זיינע אויגען, אין וועלכע עס בייטען זיך די פאַרבען, און געהערט זיין שטימע, וועלכע דרינגט דורך האַרץ און נירען, און געטרי־בען פון זיך די געדאַנקען מיט דעם ווארמען געבעט, די דרייסיג טעג זאָלען וואָס שנע־לער אריבער.

אָבער די קומענדיגע טעג האָבען זיך שרעקליך לאַנג געצויגען, ווייל זיי זיינען אויסגעפּילט געוועזען מיט אַ שטייגענדיגען בייגקען און לאַסצען־זיך אין שמעון'ס

שטימע, מיט אָנוואַקסענדיגען געבעט און בעטלען. עס איז געוועזען אַן אַלץ העכער ווערענדיגער רוף נאָך רחמנות, אַן אַלץ מעהר לעכצענדער געשריי נאָך ליעבע. ברוריה'ן איז געוואָרען שווער די לופט פון איהרע צימער, און זי האָט אָנגעהויבען צו זוכען רוה אין ווייטע שפּאַצירגיינג און אָפטע בעזוכען, אָבער זי האָט שטענדיג געוואוסט, אז דורך איהרע צימער דאָרטין געהט אום שמעון'ס ביינקענדיגע און בעטלענדיגע שטימע. און דאַן איז די דאָזיגע שטימע איהר נאָכגעגאַנגען אין די ווייטע גאַסען, אריינגעקומען מיט איהר אין די פרעמדע הייזער, אריינגעמישט זיך אין איהרע געשפּרעכען, און געהן צוריק אַ היים איז פאַר ברוריה'ן געוועזען אַ פּיין. זי האָט די שטימע נישט נעקאָנט הערען, מורא געהאַט פאַר איהר, און נאָך מעהר מורא געהאַט פאַר אַ צופעליגער בעגעגניס מיט איהם, ווייל דער ווייטער בליק פון זיינע יעצט גאַנץ שוואַרצע אויגען האָט אַרויסגעשטראַלט אַזויפיעל ביינקעניס און ליעבע-בעטלעניס, אַז עס איז אונמעגליך געוועזען פאַר א מענשענהאַרץ אריבערצוטראָגען.

דעם שבת האָט זי ערוואַרט מיט האַרצקלעמעניס. דער אָנקום פון דעם הייליגען טאָג האָט איהר קיין פרייד נישט פערשאַפט. איהר ערסטער געדאַנק איז געוועזען, צו לאָזען זאָגען, אַז זי איז קראַנק און ועט צום טיש נישט קומען. דאָך איהר צווייטער געדאַנק איז געוועזען, אַז ברוריה די ווייב פון רבי מאיר דאַרף קיין אָנשטעלען נישט מאַכען און דאַרף זיך פאַר קיינעם נישט בעהאַלטען. וואָס געהט איהר דער שמעון אָן? וואָס מאַכט איהר אוים די אונרוה פון זיין האַרץ? זי האָט גאָר נישט נעדאַרפט בעמערקען, ווי זיין שטימע איז און ווי זיינען זיינע אויגען. און וועט ער זי פרעגען, צי האָט זי די בליקען פון זיינע אויגען בעמערקט, וועט זי איהם ענטפערן, אַז זי וויל נישט, ער זאָל דאָס ביי איהר פרעגען, ווייל זיינע בליקען געהען זי נישט אָן, און זאָל ער בעסער פרעגען רבי מאיר'ן, צי מעג ער זי פרעגען וועגען זיינע בליקען.

און אזוי איז זי געבליעבען צו הערען זיין קידוש און זיינע זמירות.

זיין שטימע אָבער האָט נישט מעהר שבתדיג געקלונגען. זי איז געוועזען, ווי א שיינע פידעל, וועלכע האָט געפּלאַצט. ער האָט געדאַנקט גאָט און געבענשט איהם, אָבער ווי איינער, וועלכער מוז דאַנקען און מוז בענשען, און זיין האַרץ איז נישט דערביי, ווייל ער איז גאָר אונצופריעדען און בעליידיגט. ער האָט אויך געגעסען, ווי איינער, וועלכער טוט זיך אָן א צוואַנג צו עסען, אָהן לוסט, נישט ווילענדיג און זעהר ווייניג, און זיינע וואָלקענגרויע אויגען האָבען זעלטענער געקוקט אויף דאָס עסען פאַר איהם און מעהר אויף ברוריה'ן, און זיינע בליקען זיינען געוועזען אליין די ביינקעניס, אליין דאָס בעטלען.

און ווען אין דער דונקעלהייט פון דער נאַכט האָבען זיך אָנגעהויבען ארומצוטראָגען איבער'ן הויז שיר-השירים-פּסוקים, מיט אַ שטימע פון טויבען-וואָרקען, ווי דאָס געשריי פון א האַרץ, וואָס פערגעהט פאַר ביינקעניס, האָט ברוריה ארויפגעלעגט איהר קיסען אויף איהר קאָפּ און די הענד אויף די אויערן, און איהר האַרץ האָט

איהר געקלאַפּט אין גרויסער שנעלקייט. זי האָט געוואוסט, אַז די פּסוקים מיינען זי, געהען צו איהר, רעדען צו איהר, ביינקען נאָך איהר, בעטלען ביי איהר.

און זי איז געלעגען און האָט גערעדט אין איהר שווערען האַרצען:

„רבונו של עולם, איז נישט גענוג, וואָס דו בעשטראָפט מיין האַרץ, ווילסטו נאָך אן אַנדער האַרץ בעשטראָפען דורך מיר? אויב איך זאָל א טרייסט זיין פאַר די, וואָס גלויבען אין דיר, ווי ווילסטו מיך יעצט מאַכען צום גרויסען שמערץ און צו פערצווייפלונג פאַר איינעם פון דיינע פרומע? רבונו של עולם, איז ברוריה דיין אויס־געוועהלטע און געבענשטע געבאָרען געוואָרען אומגליק צו דערלעבען און אומגליק צו פערשפּרייטען? גאָט דער האַר, איך האָב נישט געוויינט אין דיין הייליגען שבת, ווען מיינע קינדער זיינען מיר געשטאָרבען, ווילסטו, איך זאָל יעצט וויינען פאַר דיר? קעהר אָב זיין האַרץ פון מיר, גאָט פון אברהם, און וועגד זיינע געדאַנקען צו דיר. טו מיר דעם גרויסען חסד, רבונו של עולם!"

און ווייל שמעון איז גראָד ענטשוויגען געוואָרען, ווייל אַ גרויסע מידיגקייט איז איהם בעפאַלען, און דער שלאָף האָט זיך ווי א שווערע משא אַראָבגעלאָזען אויף זיינע אויגען, איז ברוריה'ן געוועזען, ווי גאָט וואָלט דערהערט איהר געבעט. און זי האָט אַראָבגענומען דאָס קיסען פון זיך און אונטערגעלעגט עס אונטער'ן קאָפּ, פריי אויפאַט־מענדיג, און איז איינגעשלאָפען אַ בערוהיגטע, אַ דאַנקבאַרע. —

אָבער אויף מאָרגען האָט ברוריה איינגעזעהן, אַז גאָט האָט איהר געבעט נישט דערהערט און איהר תּפלה נישט אָנגענומען. ווארום די שטימע פון רבי ישמעאל'ס זוהן איז פול געוועזען מיט בעטלענים און זיינע אויגען זיינען אָנגעגאָסען געוועזען מיט ביינקענים. און עס איז געוועזען נאָך הבדלה, ווען שמעון האָט זיך ארומגעקוקט נאָך ברוריה'ן צו פרעגען זי וועגען זיינע בליקען, האָט ער ברוריה'ן אין צימער נישט געפו־נען. זי איז פערשוואונדען, ווייל זי האָט געוואוסט, אז שאַרפע רעד און בייזער ענט־פער וועלען זיין מויל נישט פערמאַכען און קיין שלאָס אויף זיינע ליפּען נישט אָנטאָן. די אָנגעקליבענע ביינקענים וועט זיך מאַכען א וועג, און די ליידענשאַפט וועט זיך ארויס־רייסען פון זיין האַרצען, און ער וועט זיך שווער פערזינדיגען פאַר גאָט מיט זיינע רעד און זיינע מעשים. און ווי וועט זי איהם יעמאָלט קאָנען האַלטען אונטער איהר דאַך? און די דרייסיג טעג זיינען נאָך נישט פאָריבער.

אָבער שמעון האָט יעצט געוואוסט, אז ברוריה האָט בעמערקט זיינע בליקען אין ריכטיג אויסגעטייטשט זיין שטימע, און זיין האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט פרייד און האָפנונג. זי איז פערשוואונדען, ווייל זי פיהלט זיך שוואך, איהר שטאַרקייט האָט אָנגעהויבען זיך צו שאָקלען. דער קאמפּף אין איהר האָט זיך שוין אָנגעהויבען, און ער וועט דער זיעגער זיין.

ט.

דריי טעג מעהר האָט אָנגעהאַלטען דאָס ביינקען, און פּלוצלונג איז די שטימע איבערגעגאַנגען אין אַ מין אונאַנגענעם שרייען. שמעון איז אַריינגעפאַלען אין פערצווייפלונג. די דרייסיג טעג האָבען זיך אָנגעהויבען צו דערנעהנטערען צו זייער סוף, און זייף ליעבע צו ברוריה'ן האָט זיך צופלאַקערט ווי דאָס פייער פון גיהינום. ער האָט פערלאָרען זיין רוה אין גאַנצען, און זיין קערפּער האָט אָנגעהויבען אויפגעגעסען צו ווערען פאר ליידענשאַפט. זיינע באַקען זיינען איינגעצויגען געוואָרען און זיינע אויגען זיינען איינגעפאַלען און האָבען אויסגעזעהן רויטליך-געל און קראַנק. עס איז איהם געוועזען, ווי זיין קערפּער וואָלט נישט אויפגעהערט געפּאַטשט צו ווערען, און אין איהם האָט עס געשריען פאר ווערטאָג. און זיין שטימע האָט איבערגענומען דאָס געשריי, אָבער דאָס איז געוועזען, ווי דאָס געשריי פון דעם אָקס נאָך דער קוה, בלויז ליידענשאַפטליכער, שמערצליכער, פּיינליכער.

אויף ווען ברוריה האָט דערהערט די דאָזיגע שטימע, איז זי זעהר פערציטערט געוואָרען, און אַן עקעל האָט זי ארומגעכאַפּט. גאַנצע טעג האָט זי אויסגעמיטען איהר הויז, אָבער דאָס עקעל-ליידען האָט זי דייטליך ארומגעטראָגען מיט זיך. ווער עס האָט זי בעגעגענט, האָט געזאָגט: „פון אַ בייזער קריינק איז ברוריה בעפאַלען.“ און איהרע פריינד האָבען זי געפרעגט: „וואָס איז דיר געשעהן?“ זי האָט זיך אויסגעהיט נישט אָנצוטרעפען זיך מיט שמעון'ען, און ביי נאַכט געהאַט ביי זיך אין צימער די אַלטע דיענסט. פרייטאג האָט זי איהם געלאָזט וויסען, אז זי קאָן נישט קומען צום טיש און קידוש וועט זי הערען פון דער ווייטען. אָבער זיין קידוש האָט ארויסגערופען א שוידער אין איהר. ער האָט איהם מעהר ארויסגעקרעכצט ווי ארויסגעזונגען. זיין אָטעם איז געוועזען ווי פון א טויטליך-פערוואונדעטער חיה, זיין שטימע איז געוועזען הייזער און געהאַט בייזע טרערען אין זיך. ער האָט זיך קוים צוגעריהרט צום עסען און געקוקט ארום זיך מיט ווילדע אויגען, די אלטע דיענסט פלעגט יעדעסמאָל פריי אויפאָטמען, ווען זי פלעגט זיך ארויסכאַפּען פון דעם עסצימער. האָט ער זמירות געזונגען? האָט ער גאָט געבענשט? אָדער האָט ער גאָר געלעסטערט? זיין שטימע האָט געקלונגען מעהר נאָך שעלטען ווי נאָך בענשען. ער האָט יעצט געוואוסט, אז גאָט האָט איהם פערלאָזען און ברוריה'ן איהם בעוויזען, אום איהם צו פער-

ניכטען. דאַרף ער זיך איינהאַלטען? דאַרף ער זיך פערשטעלען? זאָל די פרוי וויסען, ווי ער ליידט דורך איהר, ווי ער ליעבט זי, ווי ער בענעדהרט זי.

און אין דער דונקעלהייט פון זיין צימער האָט ער מיט זיין פאַר תאוה הייזעריגער שטימע גע׳חזר׳ט פסוקים פון שיר השירים. די פערליעבטעסטע און די ליידענשאַפטליכסטע. „ווי שיין ביזטו און ווי זיס ביזטו, ליעבע אין געגוס! דיין וואוקס איז ווי פון א פאַלמע, און דיינע בריסט זיינען ווי די טרויבען־בינטעל. איך האָב מיר געזאָגט: איך וועל ארויפקלעטערן אויף דער פאַלמע, אָנהאַלטען זיך אָן איהרע צווייגען, און דיינע בריסט וועלען מיר זיין ווי די טרויבען־בינטעל אויפ׳ן וויינשטאָק, און דער דופט פון דיין געזיכט וועט מיר זיין ווי דער דופט פון עפעל.“ ער האָט זיי ארויסגעזונגען אַ מאָל נאָך א מאָל, ווילד גאַניץ, ליידענשאַפטליך, תאוה׳דיג.

און אַ נאָך גרעסערער עקעל האָט ארומגעכאַפּט ברוריה׳ן. עס איז איהר געוועזען, ווי ווען עמיץ וואָלט איהר קערפּער בעשמוצט, און זי האָט זיך איינגעקאָרטשעט אין שוידער. זי האָט וויט פערנאַנדערגעעפענט די אויגען, און געקוקט אין די געדיכטע פינסטערנים און גערעדט צו גאָט, ווי זי וואָלט איהם געזעהן פאַר זיך אין דער דונקעלהייט:

„איך האָב אָנגענומען פאַר גוט דעם גרויסען שמערץ, וועלכען דו האָסט אָנגעשיקט אויף מיר, אָבער די דאָזיגע בעליידיגונג קאָן איך נישט אריבערטראָגען. פאַר וואָס קומט זי מיר, וואָס ווילסטו מיט איהר דערגרייכען? מיט וואָס האָב איך מיך פערזינדיגט? ווילסטו מיך אזוי דערניעדעריגען? מיין האַרץ איז געפּייניגט און שוואַך, ווילסטו עס גאַנץ צורייסען? צוריים עס מיר, גאָט, איך וועל דיר דאַנקען, אָבער נעם אַוועק פון מיר די בעליידיגונג, בעפריי מיך פון דעם שמוץ.“

אָבער די תאוה׳דיגע שטימע האָט נישט אויפגעהערט. זי איז נאָך ווי העזה׳דיגער געוואָרען, געקראָכען צו איהר, ארומגענומען זי, בעריהרט זי. אוך ברוריה האָט אויפגעקרעכצט ווי א פערוואונדעטע הירשין און פערגראָבען זיך אונטער קיסען און צודעק, ווי צו דערשטיקען זיך, צו שטאַרבען גרייט. —

דעם גאַנצען שבת׳דיגען טאָג איז זי געוועזען איינגעשלאָסען ביי זיך אין צימער, א בעליידיגטע, אָנגעעקעלטע, פול כעס און צאָרן. אויך אין די אַנדערע טעג האָט זי אויסגעמיטען שמעון׳ען, ווי מען מיידט אויס א קרעציגען, מיט שוידער און עקעל. אָבער אויפ׳ן דרייסיגסטען טאָג איז שמעון געזעסען אויף דער לויער, און שפּעט נאָך מיטאָג אָנגעטראָפען זיך מיט איהר אויג אויף אויג. ער איז געוועזען אָנגעטאָן צום אַוועקגעהן, מיט שטאָק אין דער האַנד און וואַנדערזאַק אויף דער פּלייצע. אָבער נישט דער שיינער, שטאָלצער שמעון, דער איד געוואָרענער אַדאָניס, איז געשטאַנען יעצט פאַר איהר, נאָר אַ גאַנץ אַנדערער. איינגעדאַרט און איינגעצויגען, דאָס געזיכט געל, די אויגען איינגעפאַלען און פיעבעריש אוך רויט, דער באָרד נישט געמאַכט, דער קאָפּצודעק אין אונאָרדנונג. אַדאָניס האָט פערגעסען שיין צו זיין, אַדאָניס איז קראַנק און אַלט געוואָרען, אַדאָניס האָט געקראָגען אַ טויטליכע וואונד אין האַרצען.

ברוריה האָט זיך אויסגעגליייכט אין איהר גאַנצען שטאָלץ און איהר גאַנצער שיינ־הייט, אָנגעקוקט איהם שטרענג און הערריש און געוואָלט פאַרבייגעהן, אָבער ער האָט איהר פערשטעלט דעם וועג. א ווייל̇ע האָבען זיי זיך שטום אָנגעקוקט, און באַלד האָט ער אויפגעטאָן זיין מויל און געזאָגט:

„פערשאָלטען זאָל זיין דער טאָג, ווען איך האָב דיך צום ערסטען מאָל געזעהן, אָבער זיעבענמאָל פערשאָלטען זאָל זיין דער טאָג, ווען די חברים האָבען מיך אויסגע־קליבען דיין פרובירשטיין צו זיין, און זיעבענאונזיעבציג מאָל פערשאָלטען דער טאָג, אין וועלכען איך בין די שוועל פון דיין הויז אַריבערגעטראָטען. אויסגעמעקט זאָלען ווע־רען די דריי טעג פון גאָט׳ס יאָהר, און זייער אָנדענק זאָל בלייבען א קללה אויף דורות. אונגליקסטעג זאָלען עס זיין — —“

ברוריה איז איהם אריינגעפאַלען אין די רעד, שטרענג און האַרט:

„אויב האָט שוין איינמאָל דאָס געטאָן און גאָטס אַ טאָג פערשאָלטען, דו קאָנסט דיר די שילט־קונסט פערשפּאָרען. געה דיין וועג און דאַנק גאָט, וואָס ער האָט דיך אין ברוריה׳ס הויז געפיהרט און דיך נישט צו גרעסערע זינד געבראַכט, און צוויי נשמות זיינען נישט פערלאָרען געגאַנגען אויף אייביג. דאָך איידער דו געהסט, מוזט דו מיר ערקלערען, וואָס הייסט די חברים האָבען דיך אויסגעקליבען מיין פרובירשטיין צו זיין. אויב איך האָב דיך ריכטיג פערשטאַנען — —“

איהר בליק איז געוועזען שאַרף און איינדרינגליך, און שמעון האָט ארויסגערעדט:

„דו האָסט מיך ריכטיג פערשטאַנען!“

מיט גרויסע אויגען און שנעלען אָטעם האָט זי ווייטער געזאָגט:

„איז די מעשה מיט די כאַפּערס אַן אויסגעטראַכטע?“

און שמעון האָט געענטפערט פיעבעריש, ציטערענדיג אין אַלע אברים:

„פאַלש איז זי פון אָנהעב ביז׳ן סוף, קיין איין וואָרט אמת איז אין איהר נישט געוועזען. די ישיבה, וועלכע האָט געוואוסט די שטאַרקייט פון דיין האַרץ געגען דעם טויט, האָט געוואָלט אויך וויסען די שטאַרקייט פון דיין האַרץ געגען דער ליעבע, און זי האָט מיך אויסגעקליבען —“

ווידער איז זי איהם אריינגעפאַלען אין די רעד, מיט גרויסע אויגען און פערכאַפּ־טען אָטעם:

„און רבי מאיר?“

„דאָס איז ד י י ן פלאַן געוועזען“.

זי האָט אויפגעשריען, ווי פון אַ פלוצלונגדיגען שניט אין האַרצען, שווער געאָ־טעמט און צוגעמאַכט די אויגען. אין א ווייל̇ע אַרום האָט זי שטיל געפרעגט, די אוי־גען נאָך צוגעשלאָסען:

„האָט אויך רבי מאיר געוואָלט וויסען די שטאַרקייט פון מיין האַרצען געגען זינ־דיגער ליעבע?“

און שמעון האָט געענטפערט אָבגעשפאַנט און מיד:

„צוערסט איז ער זעהר אין כעס געוואָרען אויף די תלמידים פאַר זייערע צווייפעל אין דיר, אָבער דערנאָך זיינען זייערע צווייפעל געוואָרען זיינע צווייפעל".

ברוריה האָט פערוואונדעט אויפגעקרעכצט, און שמעון האָט ווייטער גערעדט:

„דער עפּעל איז וואונדערשיין, האָט רבי מאיר געזאָגט, אָבער הער וויים, וואָס עס טוט זיך אין זיין הארצען?"

שווערער נאָך און שמערצליכער האָט ברוריה אויפגעקרעכצט, און שמעון האָט פאָרטגעזעצט, אונברחמנותדיג, גלייכגילטיג, מיד:

„און ער האָט געזאָגט: „וואָס טוט מען אויף אויסצוגעפינען, צו דער שיינער עפּעל האָט אַ געזונד הארץ? מען שניידט איהם אויף — —"

ברוריה האָט זיך געדרעהט און געקרימט ווי אונטער שאַרפע מעסער און פּלוצלונג האָט זי אויסגעשריען נישט מיט איהר קול: „גענוג!" און איז ענטלאָפען צו זיך אין צימער, מיט געשלאָסענע אויגען, ווי בעטויבט.

און שמעון איז אוועקגעגאַנגען אין זיין וועג, שווער און לאַנגזאַם, מיט אַן אָראָבגעלאָזענעם קאָפּ און מידע גליעדער, ווי איינער, וועלכער איז פערמשפּט צו גלות, אַן עלענדער, אַ פערוואָגעלטער.

י.

אין איהר צימער איז ברוריה געשטאַנען און געפיהרט זיך מיט דער האַנד איבער געזיכט און אויגען, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס פערטרייבען פון זיך, אַ שלעכטען חלום, אַ בייזע זעהונג. זי האָט שנעל צוגעמאַכט די אויגען און גלייך זיי ווייט פערנאַנדערגעעפּענט — איינמאָל און צווייטמאָל און דריימאָל, און איהר האַרץ האָט ווילד געקלאַפּט און אין איהר האָט עס גאַנץ משונה'דיג געשריען. „ע ר האָט צווייפעל געהאַט אין מיר! ער האָט געשיקט מיך אויסצופּרואווען! איז עס מעגליך? איז עס מעגליך?!"

זי איז אַרויסגעלאָפען צו שמעון'ען. זי מוז איהם נאָך אַ מאָל אויספרעגען. אפשר האָט ער איהר א ליגען געזאָגט? אפשר האָט ער אויסגעטראַכט די פּראָבע-מעשה? אפשר איז די מעשה מיט די כאַפּערם די ריכטיגע? אפשר האָט זי זיך פערהערט? אפשר האָט זיך איהר אַליץ אויסגעדוכט? אפשר איז אַליץ בלויז אַ בייזער חלום?

ווייט אין גאַס איז שמעון געגאַנגען, מיט שווערע טריט, ווי געעלטערט. זי האָט געוואָלט איהם צורופען, געוואָלט איהם נאכלויפען. אָבער אויף א מאָל האָט זי געוואוסט, אַז דאָס איז נישט קיין חלום, אַז איהר האָט זיך גאָרנישט אויסגעדוכט, אַז דאָס מאָל האָט זי רבי ישמעאלס זוהן נישט גענאַרט. די קללה, מיט וועלכע ער האָט געשאָלטען דעם צווייטען טאָג, איז געוועזען נישט קיין געמאַכטע; די ווערטער, וועלכע ער האָט אריינגעלעגט רבי מאיר'ן אין מויל, זיינען זיכער רבי מאירס.

טרערען האָבען זי אָנגעהויבען צו דריקען, און זי איז שנעל אריין צו זיך אין צימער, האָט אריינגעוואָרפען זיך אין איהר בעט און שווער און ביטער זיך צוואויינט. זי האָט געריסען אויף זיך דאָס האָר, אריינגעשטאָכען זיך די נעגעל אין די באַקען, געביסען דאָס בעטגעוואַנד אונטער זיך און געקלאָגט און געיאָמערט. אָבער ווען זי האָט דערהערט די טריט פון דער אַלטער דיענסט, האָט זי זיך בעהערשט, איז שטיל געוואָרען און געבליעבען רוהיג ליעגען. זי האָט זיך נאָך אזוי אוועקגעלעגט, עס זאָל אויסזעהן, ווי זי וואָלט געשלאָפען.

די אַלטע דיענסט האָט אריינגעבראַכט ליכט און דערמאָנט, אַז עס וואָלט צייט געוועזען אבענדברויט צו עסען. ברוריה האָט אַרויסגעשטאַמעלט, אז זי איז קראַנק דעם אַבענד און עסען וועט איהר נישט גוט טאָן. אָבער די גוטע דיענסט האָט דאָך אריינגעבראַכט עטליכע נאַכטשפּייזען, געפרעגט זי, צי וויל זי זי אויך היינט ביי זיך אין שלאָפ-

צימער, און, בעקומענדיג דעם ענטפער „ניין״, געוואונשען איהר אַ גוטע נאַכט און אַוועק אויף איהר געוועהנליכען שלאָפפלאַץ.

ברוריה איז געבליעבען ליעגען מיט אָפענע אויגען און אריינגעקוקט אין די שאָ־טענס פון דעם שוואַך בעלויכטענעם צימער. איהר קאָפּ איז איהר געוועזען ווי צומישט, זי האָט נאָר געוואוסט, אַז א זעהר גרויס אומגליק האָט איהר געטראָפען. אַ פיעל גרעסער־אומגליק, ווי דער טויט פון איהרע קינדער. עפּעס אַן אונערקלערליך גרויס אומגליק, זי קאָן עס נאָך נישט אַרומפאַסען. אַזוינס, וואָס מוז זי גאַנץ צודריקען, וואָס מוז אריינטראָגען די גרעסטע ענדערונג אין איהר לעבען.

און פּלוצלונג האָט זי זיך לאַנגזאַם אויפגעזעצט, קוקענדיג מיט די ווייט אָפענע אויגען פאר זיך.

יא, אזוי וועט עס זיין: רבי מאיר קאָן מעהר איהר מאַן נישט זיין.

זי האָט איינגעדריקט די ציינער, געשטאַרקט זיך דאָס האַרץ; די ווייט־אָפענע אויגען געווענדט אויף איין פּונקט פאר זיך. יעצט האָט זי געקאָנט קלאָר טראַכטען.

ווען רבי מאיר וואָלט אליין וואָלט נישט געצווייפעלט, נאָר וואָלט נאָכגעגעבען די צוויי־פעל פון די אַנדערע, זי וואָלט זיך נישט בעליידיגט און גאַנץ רוהיג וואָלט איהר האַרץ געבליבען. זי וואָלט יך געפרעהט איבער דער שטאַרקייט פון יין גלויבען אין איהר, און איהר אייגענע שטאַרקייט וואָלט איהר דאָפּעלט גוט געטאָן. זי וואָלט זיך גע־רייצט מיט איהם איבער דעם געוואגטען שריט, וועלכען ער האָט געמאַכט, וואָלט אויך געזאָגט, אַז נאַריש איז געווען דער אויפטו, און וואָלט דאָך געהאָלפען איהם צו טריאומ־פירען איבער די בייזע צווייפעל־צינגער, וועלכע האָבען זיך דערוועגט אַראָבצוציהען זי אין דעם שמוץ פון זייער ספקות.

אָבער ער אַליין האָט געצווייפעלט! ער אַליין האָט געוואָלט די פּראָבע, אום אונטערצושפאַרען זיין גלויבען אין איהר! ער אַליין האָט זיך דערוועגט נישט זיכער צו זיין אין זיין ברוריה׳ס שטאַרקייט! איהר אייגענער מאַן האָט איהר האַרץ נישט געקאָנט און בעדעקט איהר ריינהייט מיט צווייפעל־שמוץ!

און ווי, ווען זי וואָלט די פּראָבע נישט אויסגעהאַלטען?! די סכנה איז געוועזען גרויס, דער שיינער שמעון איז אויך גאַנץ געפעהרליך. דאָך רבי מאיר האָט נישט מורא געהאַט זי צו פערליערען, ער האָט זי איינגעשטעלט אין שפּיעל, ער האָט זי מקריב געוועזען!

ער קאָן מעהר איהר מאַן נישט זיין!

זי האָט זיך דאָס גע׳חזר׳ט מיט עקשנות, אריינגעבוירט זיך אין דעם מיט בייזער יהאַרטקייט.

ער וועט איהר מוזען געבען אַ גט, און זי וועט בלייבען אַליין. גאַנץ אַליין, גאַנץ, גאַנץ אַליין.

אַ טיעפער שמערץ איז דורכגעגאַנגען דורך איהר, זי האָט געמוזט צומאַכען די די אויגען, און אַ גרויס עלענד האָט זי ארומגענומען. זי האָט זיך פערביינקט נאָך די

פערשטאָרבענע קינדער. איהר האַרץ איז אויסגעגאַנגען נאָך זיי, זי האָט אויסגעשטרעקט די הענד צו זיי, און געדריקט די הענד צו איהר האַרצען, און געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, צוגיעסענדיג זיך מיט טרערען און פליסטערנדיג לאַסקע־נעמען, מוטער־ווערטער.

זי האָט זיי געזעהן פאַר זיך, ווי זיי זיינען געוועזען אין די לעצטע טעג פאַר זייער שנעלען טויט. שפּיעלענדיגע, לאַכענדיגע, ליכטיגע. זי האָט זיי געפּיהלט אַזוי לייבּ־האַפטיג, זי האָט זיך געמוזט אַרומקוקען נאָך זיי. ניין, זיי זיינען נישטא, זיי זיינען טויט. זיי ליגען אויפ׳ן ווייטען בית הקברות, טיעף אין דער קאַלטער ערד, צוגעדעקטע מיט ברעטער, פערשאָטענע מיט ערד. אליין ליגען זיי דאָרטען, איינזאַמע, איהרע קליינע אינגעלעך, און בענקען אפשר נאָך דער מאַמען, ווי די מאַמע בענקט נאָך זיי.

דער דאָזיגער געדאַנק האָט זיך טיעף אריינגעזעצט אין איהר, געלאָזען וואָרצ־לען אין איהר האַרץ, און ענדליך האָט זי זיך שטיל צואווינט אין גרויסען בראָך:

„מיינע קינדער דאַרפען מיך און איך דאַרף מיינע קינדער.“

און אז זי האָט אויסגעוויינט די טרערען, האָט זי זיך געווענדעט צו גאָט:

„עס איז אַ גרויסע זינד, וואָס איך געה מיט מיר יעצט טאָן. איך וויל עובר זיין אויף דיין הייליג געבאָט און דיין אָנזאָג נישט פאָלגען. אָבער איך קאָן נישט אַנדערש. גאָט אין הימעל, איך קאָן נישט מעהר לעבען. דער זכות פון מיין פאָטער זאָל מיר ביישטעהן, דער זכות פון מיין פאָטער דעם הייליגען מאַרטירער, וועלכער האָט נישט אָנגענומען דעם אָנבאָט פון דעם תליון אויף צו פערגיכען זיין שרעקליכען טויט, כדי די געוואַלטע פערגיכערונג זאָל נישט אויסזעהן אין דיינע אויגען ווי זעלבסטמאָרד — ער זאָל מיך בעשיצען. דו וועסט מוזען מוחל זיין זיין טאָכטער, וועלכע גיט זיך דעם טויט, אום גיכער צו קומען צו איהרע קינדער. אייביגער גאָט, ברייננ מיך צו זיי, צושייד אונז נישט מעהר, שטראַף מיך נישט נאָך מיין טויט אַזוי האַרט, ווי דו האָסט מיך געשטראָפט ביי מיין לעבען. איך גיב איבער מיין נשמה אין דיינע רחמנות׳דיגע הענד. איך געה צו דיר און מיינע קינדער.“

יעצט איז זי אויפגעשטאַנען פון איהר געלעגער, האָט אָנגעטאָן זיך ריין און וויים, מיט רוהיגער האַנד אויפגעשריעבען עפּעס אויף אַ וואַקס־ברעטעל און ארויסגענו־מען פון אַ נייה־קעסטעל אַ קליין שאַרף מעסער. אויף אַ נאָגעל האָט זי זיין שאַרפ־קייט אויסגעפּרואווט, פרום און רוהיג אָבגעזאָגט דעם „שמע ישראל“ און אויפגעשני־טען זיך די אָדערן אויף די הענד. מיט שפּריצענדיגען בלוט, אָהן אַ וועהטאָג־קרעכ׳ץ האָט זי אויסגעלאָשען דאָס ליכט, אריינגעלעגט זיך אין בעט און אָנגעהויבען איהר גאַנג צו איהרע קינדער.

זי האָט געהאַלטען די אויגען ווייט אָפען, וועדליג זי האָט לאַנגזאַם פערבלוטיגט, אין געזיעדען פאַר זיך איהרע קינדער. דאָרטין ווייט אויפ׳ן בית הקברות אין זייערע קברים, זיי האָבען זיך אויפגעזעצט און וואַרטען אויף איהר. געלע, בלייכע, טרויעריגע. און זי זאָגט זיי: „וואַרט, איך קום צו אייך, מיינע קינדערלעך! באַלד בין איך ביי אייך.

מיינע האַרציגע!“ און זי האָט אָהן אויפהער געפּליסטערט לאַסקע־נעמען, מוטער־ווערטער.

זי האָט נישט איינמאָל אַ קוק געטאָן אויף הינטען צוריק און איהר לעבּען אַריין. זי האָט נאָר גזועהען פאַר זיך איהרע קינדער און דעם וועג צו זיי. ערשט גאָר צום סוף, ווען זי האָט אָנגעהויבּען איינצושלאָפען, און דאָס בילד פון די קינדער און דער וועג צו זיי איז מטושטש און אונקלאָר געוואָרען, האָט זי אויסגעבראָכען מיט שטילער בּיינקענים און שטילע טרערען: „מאיר! מאיר!“

יא.

און עס איז געווען, אז ווען דער שיינער שמעון איז אריינגעקומען אין דער ישיבה, האָבען די תּלמידים אויפגעשריען פאר שרעק איבער זיין אויסזעהן, און ער האָט אויסגערופען:

„זעהט, דאָס איז פון מיר געוואָרען, ווייל איך האָב מיך דרייסיג טעג געשלאָגען אן דער שטיינערנער שטאַרקייט פון ברוריה. איהר שטאַרקייט און ריינהייט איז איבער אלע צווייפעל, אָבער איך בין פערניכטעט."

און רבי מאיר האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בייזען נצחון־בליק אויף זיינע תּלמידים, גענומען זיין שטאָק און וואַנדער־זאַק און איז אַוועק צו ברוריה זיין ווייב. אָבער ער האָט זי געפונען טויט, אַן אַוועקגעגאַנגענע צו איהרע קינדער, און אויף דעם וואַקסברעטעל איז געווען אויפגעשריעבען: „ווען מען שניידט אויף דעם עפּעל, פערניכטעט מען איהם."

ער האָט זיך געכאַפּט פאר'ן קאָפּ, און מיט ווילדע אויגען, האַרצרייסענדיג, נשמה־טויטענדיג, אויסגעבראָכען אין אַ יאָמער:

„ברוריה!".

---

1916.

ההחו, איז רבי עקיבא געווען אַ שטרייענגער פרומער איד! קוים אַ גלייכער צו איהם אין גאַנץ יהודה.

זיינע טעג און זיינע נעכט האָט ער אוועקגעגעבען דער תורה, אליין זי גע־לערענט און אנדערע זי איבערגעגעבען. די צאָהל פון זיינע תלמידים איז געווען אַ גאַנצע אַרמיי, און ווער עס האָט זי פון איהם געהערט, האָט געפיהלט, ווי ער וואָלט געטרונקען פון דעם קוואַל פון לעבען.

אָבער נישט בלויז דער תורה׳ס וואָרט, נאָר אויך ווי אָבצוהיטען זי האָט ער גע־לערענט, און ווי צו דערווייטערן זיך פון אַן עברה. ער האָט געוואָרנט פון לאַכען און שפּיעלען און פון דער לייכטזיניגקייט, ווייל לאַכען און שפּיעלען און לייכטזיניגקייט פיהרען צו זינד.

ער האָט געלעבט אין גרויסער איינפאַכהייט און אָבגעזאָגט זיך פון אַלע תענוגים. ער איז געווען פערליעבט אין זיין ווייב, דער שעהנער רחל, דער קלוגער און געביל־דעטער טאָכטער פון כלבא שבוע, אָבער אום דער תורה גאַנץ צו געהערען, האָט ער זיך אָבגעשיידט פון זיין געליעבטער, איז ער געוואָרען אַ פּרוש.

דאָס איז איהם זעהר שווער אָנגעקומען. ער האָט שטאַרק געביינקט נאָך זיין ווייב, און ער איז נאָך געווען אַ מאַן אין די בעסטע פון זיינע יאָהרען. אום נישט שוואַך צו ווערען, אום צו קאָנען אויסהאַלטען די אָבגעשיידענקייט, די פּרישות, האָט ער זיך געגעבען אַ נדר, אַז ער וועט זיך נישט אומקעהרען צו זיין ווייב, ביז ער וועט נישט האָבען צוועלף טויזענד תלמידים. דאָס האָט ער געטאָן, ווייל ער האָט געהאַלטען, אַז אַ נדר איז אַ צוים ארום פּרישות. ער וועט מוזען האַלטען דעם נדר, און זיין אָבגעשיי־דענקייט פון זיין ווייב וועט ממילא אָבגעהיט ווערען.

דאָס האָט איהם אָבער געמאַכט שטרייענג צו אַלע אַנדערע. וואָס ער קאָן, דאַרפען אַלע קאָנען. און ער האָט געפאָדערט פון אַלעמען די גרעסטע אָבגעהיטקייט פון תאוה־זינד און מיט שארפע ווערטער געשטראָפט די ווייבער־לוסט אין די הערצער פון די מענער.

האָבען די שוואַכע, די, וועלכע האָבען נישט געקאָנטביישטעהן דער ווייבער־לוסט אין זייער האַרצען און זיינען געשטרויכעלט געוואָרען אין תאוה־זינד, אזוי גערעדט ענטקעגען איהם:

„וואָס ער האָט זיך געקאָנט אָבשיידען פון זיין פרוי, איז נאָך קיין ראיה ניט, אז ער קאָן נישט געשטרויכעלט ווערען. זאָל נאָר דער שטן צוטרעטען צו איהם איין מאָל אין דער געשטאַלט פון אַ נאַקעטער פרוי, און די תאוה וועט איהם בעפאַלען פלוצ-לונג, ווי אַ פיינד פון זיין בעהעלטניס, און אוועקרייבען ביי איהם אלע זיינע חושים, ווי אַן איבערפאַלער זיין רויב אין מיטען נאַכט."

און זיי האָבען צוגעגעבען צו זייערע תפלות, אז גאָט זאָל איהם בריינגען צו אזא נסיון, און צו זייער אייגענער שטראָף האָט גאָט זייער תפלה דערהערט.

ווען רבי עקיבא האָט פערלאָזען זיין ווייב, האָט ער אויך פערלאָזען די שטאָדט, אין וועלכער זי האָט געוואוינט. דאָס האָט ער געטאָן נישט אזוי פון זיינעטוועגען, די נאָהענטקייט פון זיין געליעבטער ווייב זאָל איהם נישט רייצען, ווי פון איהר'טוועגען, זיין נאָהענטקייט זאָל איהר שוין נישט צופיעל וועה טאָן. און כדי זיין פרוי אין איהר ווייבערשער שוואַכקייט זאָל נישט נאָכפאָהרען נאָך איהם און נאָכקומען נאָך איהם אין דעם נייעם אָרט, וואו ער וועט זיך בעזעצען, האָט ער זיך אין ערגעץ נישט בעזעצט אויף לאַנג און איז ארומגעפאָהרען פון שטאָדט צו שטאָדט, לאַנד-איין, לאַנד-אויס.

איז ער איין מאָל אין זיין וואַנדערונג אָנגעקומען אין א לאַנד, וואו עס האָבען גע-הערשט גאַנץ מערקווירדיגע זיטען און מנהגים, און איינער פון די מנהגים איז געוועזען, צו פערזיסען די נעכט פון פאָרנעמע געסט מיט פרויען-געזעלשאַפט.

און עס איז געוועזען, ווען דער הערשער פון יענעם לאַנד האָט זיך דערוואוסט פון רבי עקיבא'ס אָנקומען און וואָס פאַר א גרויסער גאַסט דאָס איז, האָט ער גע-שיקט צו איהם אויף דער נאַכט צוויי שיינע פרויען, פון די שענסטע אין זיין לאַנד. אויף ווייבער-אויפן האָבען די ביידע זיך געפלייסיגט זייער שיינהייט צו פערגרעסערען און זייער רייץ צו פערשטאַרקען. זיי האָבען זיך פריש געמאַכט מיט באָד און וואַסער, דעם בעשיכור'ענדען ריח פון זייערע יונגע לייבער האָבען זיי נאָך בערוישענדער גע-מאַכט מיט זעלטענע פּאַרפיומען, און אויסגעפוצט זיך פערפיהרעריש ווי כלות אין זייער חתונה-נאַכט. און זיי זיינען געקומען צו רבי עקיבא'ן אין שטראַהלענדער האַלבנאַקעט-קייט, מיט אַן איינלאַדענדיגען שמייכעל אויף זייערע קאַרשען-ליפען, מיט דעם פייער פון תאוה און געניס אין זייערע פלאַקערענדיגע אויגען.

זיי האָבען געוואוסט, אז זיי געהען צו אַ זעהר פאָרנעמען גאַסט, אָבער זיי האָבען נישט געוואוסט, אַז זיי וועלען געפינען א זעהר שיינעם און ווי אַ ריעז געבויטען מאַן. ווען זיי האָבען איהם דערזעהן, האָט זיך די תאוה נאָך מעהר צוברענט אין זיי, און יעדע האָט געזעהן ארויסצובריינגען פאַר איהם דאָס רייצענדסטע און אויפרייצענדיגסטע פון איהר קערפער.

„קום צו מיר", האָט די איינע געזאָגט.

„קום צו מיר", האָט די אַנדערע געבעטען.

און זיי האָבען זיך גערריקט צו איהם מיט זייערע נאַקעטע לייבער, און יעדע איינע האָט נעריהמט איהר קערפּער און זיינע רייצען און דעם געגוס, וועלכען ער פערשאַפט.

„מיין קערפּער איז ווייס ווי די פולע לבנה."

„און מיין קערפּער רויטעלט זיך ווי די אויפגעהענדיגע זון."

„אין מיין אומאַרמונג ליעגסט דו ווי אין וואַרימער געגזענפוך."

„און אין מיינע אָרמס וועסטו פיהלען די ווייכקייט און וואַרימקייט פון ערסט אָבגע־שאָרענער שעפּסען־וואָל."

„דער קוס פון מיינע ליפּען איז ווי דער וויין פון דמשק."

„און מיינע ליפּען זיינען ווי די פולע טרויבען, אין וועלכע די זונען־שטראַלען האָבען אויסגעקליבען פאַר זיך אַ היים."

און אזוי וויטער — די שטייפקייט פון זייערע בריסט און די סאַמעט־גלאַטקייט פון זייער הויט, די ענטציקונג פון זייערע פיס און די פער'שיכור'ונג פון זייערע צערט־ליכקייטען. די איינע האָט איהם ארומגעוויקעלט מיט איהרע שוואַרצע האָר, אין איהרע בלאָנדע האָט איהם פערפלאָנטערט די אַנדערע. און וואָס שפּעטער אין דער נאַכט איז זייער תאוה אַלץ מעהר געוואַקסען, און זייערע נאַקעטע קערפּער האָבען זיך געדרעהט און געקרימט, געפייניגט און געמאַטערט אין שטייגענדיגער לוסט.

„קום נעם מיך," האָט די איינע געבעטעלט.

„קום נעם מיך," האָט די אַנדערע געלעכצט.

אָבער רבי עקיבא איז געזעסען צווישען זיי און האָט — געשפּיעט. א גאַנצע נאַכט איז ער געזעסען צווישען ביידען און געשפּיעט און נישט אומגעקוקט זיך אויף זיי. ער האָט נישט געפּרובט צו צושטרויען זיך מיט תורה־געדאַנקען, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אריינברייגגען די תורה אין דער געזעלשאַפט פון צוויי נאַקעטע נקבות. ער האָט נאָר געוואָלט אריינאַרבייטען זיך אין אַן עקעל־געפיהל, ארויסרופען אין זיך א שרייענ־דען ווידער־ווילען.

און ער איז געזעסען און האָט געשפּיעט — שטאַרקער אַלץ, אונגעדולדיגער, מיט וואַקסענדיגען עקעל, מיט שטייגענדיגער אָבשטויסליכקייט. צולעצט אָבער — רוהיג, גלייכגילטיג, אייזקאַלט.

צוערסט האָבען איהם ביידע שיינהייטען אָנגעקוקט גאַנץ פערוואונדערט. פאַר וואָס שפּייט ער? פאַר וואָס ריהרט ער זיי נישט אָן? איז ער אַ נאַר? איז ער משוגע? זיינען זיי נישט שיין גענוג? נישט יונג גענוג? נישט תאוה'דיג גענוג?

זיי האָבען איהם געפרעגט, אָבער זיי האָבען קיין ענטפער פון איהם נישט גע־קראָגען. דאַן האָבען זיי געוואָלט איהם פערלאָזען. אָבער ווען זיי האָבען איהם ווי־דער אָנגעקוקט און געזעהן ווי שיין ער איז, און ווידער אריינגעקוקט אין זיינע אויגען און געזעהן, ווי די קלוגהייט שטראָמט פון זיי ארויס, האָבען זיי זיין מערקווירדיג בענע־מען פערגעסען און פון זיין שפּייען נישט אויסגעמאַכט זיך און ארויפגעוואָרפען זיך

אויף איהם מיט זייער נאַקעטקייט און דעם פייער פון זייערע לייבער, און געבעטען זיך און געבעטעלט און געקרעכצט און פער׳שיכור׳ט גערופען:

„נעם מ י ך.“

„נעם מ י ך.“

די גאַנצע נאַכט אזוי. און גאַניץ מיד און קראַפטלאָז זיינען זיי אין דער פריה אַוועק צום הערשער און בעקלאָגט זיך פאר איהם אויף רבי עקיבא׳ן. פערצווייפלונגס־פול האָבען זיי זיך געבעטען:

„ליעבער דער טויט, ווי נאָך אַמאָל דער דאָזיגער מאַן.“

האָט דער הערשער געשיקט נאָך עקיבא׳ן און איהם געפרעגט:

„פאר וואָס ביזטו זיך נישט בעגאַנגען מיט די פרויען, וועלכע איך האָב דיר גע־שיקט, ווי מענשען־זיהן בעגעהן זיך מיט פרויען? זיינען זיי נישט שיין? זיינען זיי נישט מענשען־קינדער ווי דו? האָט דער, וואָס האָט דיך בעשאַפען, נישט בעשאַפען זיי?“

ווען רבי עקיבא וואָלט געענטפערט, אז ער וואָלט בעגאַנגען אַ זינד, ווען ער וואָלט מיט זיי פערבראַכט די נאַכט, ווי מענשען־זיהן פערברייינגען מיט פרויען, וואָלט דער הערשער זיכער אין כעס געוואָרען. פיהרט דען זיין גאַסטפריינדליכקייט צו ז׳נד? איז זיין הכנסת־אורחים אן אָנטרייבערין צו עברות?

אין זיין חכמה האָט עס רבי עקיבא גלייך איינגעזעהן, און ער האָט געענטפערט מיט אַ גאַניץ אונשולדיגער מינע:

„וואָס האָב איך געקאָנט מאַכען? איידער זיי זיינען געקומען צו מיר, האָבען זיי זיך געוויס אָנגעגעסען מיט אונריינע זאַכען, און דער גערוך, וועלכער האָט דערגרייכט צו מיר פון זיי, איז געוועזען דער גערוך פון פלייש פון נבלות און טרפות און שרצים.“

און רבי עקיבא האָט שנעל פערלאָזען דאָס דאָזיגע לאַנד מיט איהר מערקוויר־דיגער גאַסטפריינדליכקייט, גליקליך אין דעם בעוואוסטזיין, אז ער איז בייגעשטאַנען דעם גרעסטען נסיון, פול מיט דאַנק צו גאָט, וואָס ער האָט איהם אזוי וואונדערבאַר געשטארקט דאָס האַרץ.

אָבער ווייל יעמאָלט גראד האָט די צאָל פון זיינע תלמידים דערגרייכט די צאָל צוועלף טויזענד און דער צוים ארום זיין אָבגעשיידענקייט פון זיין ווייב איז דערמיט אַראָבגעפאַלען, איז ער אַוועק צו איהר. ווען ער איז צוגעקומען צו דער טיר פון זיין הויז, האָט ער דערהערט, ווי א פרעמדע פרוי פרעגט ביי זיין ווייב:

„פרעהסטו דיך, וואָס דיין מאַן קומט מיט צוועלף טויזענד תלמידים?“

און זיין ווייב האָט געענטפערט:

„נאָך מעהר וואָלט איך מיך געפרעהט, ווען ער וואָלט געקומען מיט פיער און צוואַנציג טויזענד.“

און רבי עקיבא האָט די טיר פון זיין הויז נישט אויפגעעפענט און איז צו זיין פרוי נישט אריין. ער האָט ווידער ארויפגעלעגט אויף זיך די אָבגעשיידענקייט און

אויפגעשטעלט א נייעם צוים ארום איהר מיט אַ נדר, אז ער וועט זיך צו זיין ווייב נישט דערנעהנטערען, ביז ער וועט נישט האָבען פיער און צוואַנציג טויזענד תלמידים. און ער איז צוריק אוועק צו וואַנדערן איבער שטעדט און לענדער, צו פערשפרייטען גאָט'ס וואָרט און צו זאַמלען תלמידים.

אָבער פון יעצט אָן איז ער נאָך שטרייננגער געוואָרען צו אַלעמען אין זיינע פרומע פאָרדערונגען, און זיינע שטראָף־רייד זיינען נאָך שאַרפער געוואָרען. ווער עס איז בייגעשטאַנען אַזעלכע גרויסע נסיונות, אזוי ווי ער, האָט דאָס פולע רעכט אויך פון אַנדערע צו פאָדערען שטרייננקייט און איינגעהאַלטענקייט. און ער פלעגט אָבלאַכען און חוזק מאַכען און לצנות טרייבען פון אלע, וועלכע זיינען בעגאַנגען אַן עברה.

ער האָט פערגעסען דעם כלל: דו זאָלסט דיר אליין נישט גלויבען ביז דעם טאָג פון דיין טויט. און אין הימעל האָט מען בעשלאָסען, איהם דעם כלל צו דערמאָהנען.

זיין וועג איז שפעטער איין מאָל געגאַנגען אין אַ שיינער געגענד דורך וואַלד און פעלד. עס איז געוועזען א וואונדערבארער טאָג. די זון איז מיטען הימעל האָט נישט געברענט, נאָר געלאַכט און געזונגען פון דער הערליכקייט פון לעבען, און געגאָסען פרייד אויף דעם גאַנצען אַרום, און וואַלד און פעלד, און בוים און גראָז, און אַלע חיות און פויגעל און פויזער האָבען מיט איהר מיטגעלאַכט און מיטגעזונגען. און רבי עקיבא איז אָנגעפילט געוואָרען פון דער גרויסער פרייד, האָט פערגעסען דאָס שטיק תורה, וואָס איז איהם געלעגען אין קאָפ און אויף די ליפען א ווילע פריהער, און נישט געקאָנט אָברייסען די אויגען פון דער ארומיגער זוניגער פראַכט.

פלוצלונג איז איהם געוועזען, ווי עמיצער וואָלט איהם אַ שטופ געטאָן צוריק. אָבער דאָס איז קיינער נישט געוועזען, ווי נאָר זיין אייגען בלוט, און דער קלאַפ, וועלכען ער האָט דערשפירט, איז גאָר געוועזען דער קלאַפ פון זיין אייגענעם האַרץ.

נאַרען איהם זיינע אויגען נישט? ער רייסט זיי ווייט פערנאַנדער און קוקט זיך גוט איין.

ניין, זיינע אויגען זעהען קלאָר: א וואונדער־שיינע נאַקעטע מיידעל אויף דעם שפיץ פון אַ טייטעלבוים!

ער וויל זיינע אויגען נישט גלויבען, אָבער די מיידעל קוקט אַראָב צו איהם און לאַכט צו איהם אזוי רייצענד, בע'שיכור'ענדיג מיט דער ווייסקייט פון איהרע פערל־ציין.

און זי איז אזוי שיין און ענטציקענד, אז די זון האָט איהר חתן־גאַנג פערגעסען. זי האָט זיך אָבגעשטעלט, די ליכטיגע, אין איהר וועג און ארומגענומען דער מיידעלס נאַקעטען לייב מיט איהרע שטראַלען, רויזיג בעמאָלענדיג איהם און אָנפילענדיג זיינע אָדערן ווי מיט רויטען וויין.

אויך רבי עקיבא איז געבליבען שטעהן, נישט געקאָנט זיך ריהרען פון אָרט, נישט געקאָנט אָברייסען זיך פון דער בלענדעניגער שיינהייט. זיין האַרץ האָט איהם

שטאַרק געקלאַפּט, זיין קערפּער האָט איהם געברענט, זיין צונג איז איהם גאַנץ טרוקען געוואָרען. ער איז געשטאַנען ווי בעטויבט און האָט אליין נישט געהערט, ווי ער האָט קיים ארויסגערעדט:

„ווער ביזט דו?"

און דאָס וואונדער אופ'ן בוים האָט צו איהם פערפיהרעריש אַראָבגעלאַכט:

„קום ארויף, און איך וועל דיר זאָגען."

„וואָס טוסטו דו דאָרטן?"

„קום ארויף, און דו וועסט זעהן."

„זאַמעלסט דו דאָרטען טייטלען?"

„אויף וואָס דאַרף איך זיי? איך נעהר מיך און נעהר אַנדערע מיט מיין אייגענער זיסקייט. ווילסט דו זי נישט פערזוכען?"

„פאַר וואָס ביזט דו נאַקעט?"

„כדי די שטראַלען פון דער זון זאָלען מיך געניסען, און דער ווינד, און דער באַרג, און דער טאָל, און דער הימעל, און גאָט."

„ווי קאנסט דו דאָרטען אזוי ליגען?"

„א בעט האָב איך דאָ פון צווייגען און בלעטער, א געלעגער פאַר מיר און פאַר די, וועלכע איך לאַד איין מיך צו געניסען. און ווייך איז מיין געלעגער און דופטענד, אָבער נאָך ווייכער און דופטענדער בין איך. ווילסטו אונז נישט פיהלען?"

און אין פולער פערגעסענהייט, אויסגעפּילט פון איין גרויסען בעגעהר, איז רבי עקיבא צוגעטראָטען גאַנץ נאָהענט צום בוים און קוים ארויסגעאטעמט:

„ווי קום איך צו דיר ארויף?"

און די הערליכע האָט כשופ'דיג אַראָבגעלאַכט:

„ביזט דו קיין מאָל קיין יונג אינגעל נישט געוועזען? וואָס האָסט דו געטאָן, ווען א שיינער עפּעל האָט דיך גערייצט גאַנץ הויך צווישען די צווייגען פון דעם עפּעל־בוים? האָסט דיינע אינגעל־קליידער אָבגעלעגט, געמאַכט זיך אזוי לייכט ווי מעגליך און ארויפגעקלעטערט אופ'ן בוים נאָך דעם שיינעם, רופענדיגען עפּעל. בין איך וועניגער פאַר דעם עפּעל? לוינט זיך נישט ארויפצוקלעטערן נאָך מיר? אָדער ביזט דו אַלט און דיינע ביינער זיינען פערגליווערט, און דאָס קלעטערן איז נישט מעהר פאַר דיינע יאָהרען און דיינע כחות? לעג אָב דיינע קליידער, דו דארפסט זיי דאָ אויבען סיי ווי סיי נישט האָבען, מאַך דיך לייכט, און מיט דער גאַנצער יוגענד, וועלכע האָט יעצט ניי אויפגעלעבט אין דיר, קלעטער צו מיר ארויף..."

גאַנץ פער'כישופ'ט און בעטרונקען, מיט גרויסער שנעלקייט, געטריבען פון פּיי־טשענדיגער אונגעדולד, האָט רבי עקיבא אַראָבגעוואָרפען פון זיך די קליידער, אָנגע־כאַפּט זיך אָן דער פּאַלמע און גענומען קלעטערן ארויף. מיט נאַקעטע הענט און פיס ארום דעם קראַצינגען בוים און מיט די ברענענדיגע אויגען ארויף צו איהר, טרינקענדיג פון איהר שיינהייט, זויגענדיג די וואַרימע רויטקייט פון איהרע אָדערן. ער האָט נישט

בעמערקט, ווי זייף הויט איז צוקראַצט און צוריסען געוואָרען פון דעם בוים, און אז בלוט האָט אָנגעהויבען צו רינען איבער זיין לייב. ער האָט געקלעטערט העכער און העכער.

און זי האָט איהם געצויגען מיט איהרע כשוף=אויגען ווי מיט שטריק, און איהר בע׳שיכור׳ענדיגע שטימע איז געוועזען א לייטער פאר איהם. צווישען איהרע הערליכע פערל=ציין איז עס געגאַנגען ווי זינענבערויבענדיגער וויין:

„קום=ם=ם! קום=ם=ם! קום=ם=ם!“

אָבער ווען ער האָט דערגרייכט די העלפט פון דער פאַלמע, איז ער פלוצלונג געקומען צו זיך. ווי אַ קאַלטער ווינד וואָלט איהם אייזיג בעפעכעלט און אַראָבגעלאָזען עפּעס פון זיינע אויגען און געמאַכט איהם זעהן די גאנצע לעכערליכקייט און אומווירדיגקייט פון זיינע לאַגע. ער, דער גרויסער תנא, לעהרער און שטראָפער ביי אידען, קלעטערט האַלב נאַקעט אויף א ריעזענבוים, געשטופּט און געפּייטשט פון עקעלהאַפטער תאוה! ער האָט זיך מעהר אַראָבגעוואָרפען ווי אַראָבגעקלעטערט פון בוים, צוזאַמענגעדרעהט זיך אין א קנויל ביים פוס פון בוים און ביטער זיך צוואויינט.

אַ בייזע, אָבלאַכענדיגע שטימע האָט גערעדט איבער איהם:

„ווען מען וואָלט נישט אָנגעזאָגט אין הימעל, אז מען זאָל דיך און דיין תורה שוינען, וואָלט דאָ דיין לעבען נישט ווערט געוועזען יעצט קיין צוויי פּרוטות.“

רבי עקיבא האָט נאָך ביטערער געוויינט און געקלאַפּט זיך אין האַרצען און געשלאָגען זיך אויפ׳ן קאָפּ.

און אַז ער האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַוועק זיין וועג, האָט די זון נישט געלויכטען מעהר, הימעל און ערד זיינען געוועזען כמאַרנע און גרוי, און דאָס לאַכען און זינגען פון דעם גאַנצען ארום האָט אויפגעהערט. אָדער אפשר האָט זיך עס איהם בלויז אויסגעדוכט, ווייל זיין האַרץ איז געוועזען בעקלעמט און זיין נשמה האָט געטרויערט, און ער האָט נישט געקוקט נישט רעכטס און נישט לינקס און זיינע אויערען זיינען טו״ב געוועזען פאר דער אויסערער וועלט.

ער האָט זיך געפיהלט בעשעמט און דערנידעריגט. און ער האָט געוואוסט, אז פון יעצט אָן וועט ער שוין נישט לאַכען פון די, וועלכע בעגעהען אַן עברה.

יעצט האָט ער בעגריפען די שוואַכקייט פון דעם מענש און די געפאַהרען=פולקייט פון דעם לעבען, און זיינע ליפען האָבען ביטער געשעפטשעט:

„מיר זיינען אלע דאָ ווי פערברעכער, וועלכע שטעהען אונטער ערבות, און א זינד=נעץ איז אויסגעשפּרייט איבער דאָס גאַנצע לעבען.“

1917.

## א.

אַכטציג יאָהר איז געוואָרן יוחנן כהן גדול. געזונד אין גייסט און שטאַרק אין קערפּער האָט ער דערגרייכט צו דעם דאָזיגען הויכען עלטער, גאַנץ מיט זיך און זיין גאָט. וואָרום פון קינדהייט אָן איז ער געלערנט געוואָרן צו געהן אין גאָט'ס וועגען, און ער איז פון זיי נישט אָבגעטראָטן. ער האָט זיך אָבגעהיט נישט עובר צו זיין אויף אַלטע איסורים, און ער האָט נאָך געמאַכט אַ צוים אַרום אַ צוים. אויף די אַלטע פערבאָטען האָט ער) צוגעגעבן נייע, און איז געווען שטריינג צו זיך אַליין אין דורכפיהרען זיי. זיינע ווערטער זיינען געווען: דער קערפּער איז גאָרנישט, די נשמה איז אַלץ. דער קערפּער איז שטויב און ערד, די נשמה איז די אייביגקייט. לעבט נישט פאַר דעם קערפּער, נאָר לעבט פאַר דער נשמה. מאַכט אייך נישט אויס פון דעם, וואָס די צייט איז גורם, ווענדט אָן אַלע אייערע מחשבות און מעשים אויף דאָס אונענדליכע.

און ווי ער האָט געלערנט, אַזוי האָט ער געלעבט. וואָרט און טהאַט זיינען ביי איהם געווען איינס. און כאָטש ער איז געווען כהן גדול, דער פיהרער פון זיין פאָלק און דער רייכסטער און מעכטיגסטער צווישען זיינע ברידער, האָט זיין קערפּער נישט געוואוסט פון די תענוגים פון עולם הזה.

אָבער די איינוואוינער פון ירושלים האָבען איהם שטאַרק געליבט פאַר זיין גאַנצקייט. און כאָטש עס איז זעהר שווער געווען נאָכצוגעהען אין זיינע וועגען און זעלטען ווער איז איהם אויך נאָכגעגאַנגען, האָט דאָס גאַנצע פאָלק איהם דאָך נישט אויפגעהערט צו בעוואונדערן, און די בעוואונדערונג איז אַריבער אין גרויס דרך ארץ און יראת הכבוד.

און ווייל ער איז געווען אַזוי געליעבט און געאַכטעט, איז זיין אַכטציג=יעהריגער געבורטסטאָג געווען אַ יום=טוב פאַר דער גאַנצער שטאָדט. אַלע הייזער זיינען שיין פערפּוצט געוואָרען, און אַלע איינוואוינער האָבען זיך יום=טוב'דיג אָנגעטאָן, און פון אַלע עקען פון לאַנד זיינען אָנגעקומען און אָנגעפאָהרען יום=טוב'דיגע מענשען. און עס זיינען געקומען צו איהם זיינע פריינד און זיינע פערעהרער, נאָהענטע און ווייטע זיינען געקומען, מיט מוזיק און געזאַנג, און אויפגעפאָדערט איהם, ער זאָל זיך דורכגעהן מיט זיי איבער די גאַסען פון ירושלים. ער זאָל זעהן, ווי דאָס גאַנצע פאָלק פרעהט זיך מיט זיין לאַנגלעבינקייט, און פיהלען, ווי געליעבט ער איז. מיט טעפּיכער איז דער וועג געווען אויסגעלעגט, און קליינע קינדער זיינען געלאָפען פאָראויס, האָבען בעשאָטען

דעם ווּנג מיט בּלוּמען און געשריען: „אייבּיג לעבּען זאָל אונזער האַר דער כּהן גדול!"
און אַלע גאַסען זיינען געווען געפּאַקט מיט יום־טובֿ'דיגע מענשען, מענער און פרויען,
און אַלע דעכער זיינען געווען בּעדריינגט מיט איינוואוינער פון ירושלים, און אַלע
פענסטער זיינען געווען בּעזעצט, און די שטאָדט האָט געהילכט פון דעם אויסרוף:
„אייבּיג לעבּען זאָל אונזער האַר דער כּהן גדול!" און די שיינע טעכטער פון ציון האָבּען
מיט ליעבּע האַנד־בּעוועגונגען און מיט צניעות'דיגער רויטקייט אויף די פּנים'ער בּע־
וואָרפען איהם מיט בּלומען און מיט קרענץ.

און ווי ער איז געגאַנגען אַזוי דורך די גאַסען פון ירושלים דורך דעם יובל פון
דעם פאָלק, האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ פרויענשטימע, וועלכע האָט געזאָגט:
„ווי שיין עס איז דער אַלטער, און ווי שטאַרק ער איז נאָך. עס איז צו פערליעבּען זיך
אין איהם!" און ווייל עס איז איהם גוט און וויך געווען אויפ'ן האַרצען, האָט ער זיין
געזיכט צוגעווענדט צו דער שפּרעכענדיגער פרוי, מיט אַ פּאָטערליכען שמייכעל אויף
די ליפּען. דאָס איז געווען אַ יונגע בּילד־שיינע פרוי פון אַ יאָהר דרייסיג, פון מיטלען
וואוקס און רונדע אברים, און זי האָט אויפגענומען זיין בּליק מיט אויגען, פון וועלכע
די זון האָט אַרויסגעשטראַלט. עס איז געווען, ווי זי וואָלט געוואַרט, ער זאָל אויף
איהר אַ קוק טאָן, און זי האָט געהאַלטען אָנגעגרייט פאַר איהם איהר דורכדרינגענדיגסטען
בּליק. ער איז ווי אָבּהענדיג געוואָרן פון איהר בּליק, און דער גוטמוטיגער פּאָטערליכער
שמייכעל אויף זיינע ליפּען איז ווי אַריינגעפאַלען אין אַ פערלעגענהייט, נישט געוואוסט,
וואָס צו טאָן מיט זיך, און פערצויגען זיך אין אַ גרימאַסע.

און ווי ער האָט אָבּגעקעהרט דעם קאָפּ פון איהר, האָט ער דערהערט אַ מענער־
שטימע, וועלכע האָט געזאָגט: „און וואָס האָט ער געהאַט פון זיין גאַנצען לעבּען, פון
זיין שיינהייט און זיין קראַפט?" די שטימע איז געקומען פון לעבּען דער שיינער פרוי
און אין איהר איז געלעגען אַ געוויסע העזה, ווי דער שפּרעכער וואָלט געוואָלט איהם
טרעפען און וועה טאָן מיט זיינע ווערטער. און דאָך איז געלעגען אַ סך רחמנות אין דעם
קול. און עס איז געווען דעם אַלטען כּהן־גדול, ווי ווען אַ פייל וואָלט בּעריהרט זיין
בּרוסט. ער האָט זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצען גרויס, דער שמייכעל איז אין גאַנצען
פערשוואונדען פון זיינע ליפּען, זיין שטערן האָט זיך אָנגערוקט און זיין געזיכט איז
פינסטער געוואָרען. און זיין סגן, דער וויצע־כּהן־גדול, וועלכער איז געגאַנגען לעבּען
איהם, האָט בּעמערקט די פערענדערונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אויף זיין געזיכט, און
צוגעפליסטערט איהם מיט אַ בּייזען געפיהל: „דאָס איז יאָזאָן, דער זוהן פון משולם, און
די פרוי לעבּען איהם איז זיין געליעבּטע, די זונה עתליה."

אָבּער יוחנן האָט ווי נישט געהערט, וואָס יענער האָט איהם געפליסטערט. ער
האָט שטאָלץ אויפגעהויבּען זיין קאָפּ און געשטעלט די פיס נאָך פעסטער ווי פריער.
אין זיין גאַנצען אויסערען איז געלעגען דער ענטפער אויף יאָזאָן'ס רעד. זיין געזיכט איז
געוואָרען שטרייננג, און דער בּליק פון זיינע אויגען שאַרף. יעדע בּעוועגונג האָט גערעדט
פון זיין קראַפט, און פון דעם בּעוואוסטזיין, אַז ער האָט נישט אויף וואָס חרטה צו

האָבען אין זיין לעבען. יאזאָן האָט פערשטאַנען דעם שטומען ענטפער און איראָניש־טרויעריג אָבגעשמייכעלט, אָבער דאָס גאַנצע פאָלק האָט געקוקט מיט אַ גרויסער יראת־הכבוד אויף דער ריזיג־קרעפטינער און שטאָלצער געשטאַלט פון דעם אַלטען כהן גדול. מיט אַ ציטער אין האַרצען האָט מען געמאַכט פאַר איהם דעם וועג און עס איז געלעגען פרומקייט און אָבשיי אין די אונענדליכע רופען: „אייביג לעבען זאָל אונזער האַר דער כהן גדול!“

און די שטאָלצע האַלטונג האָט איהם נישט פערלאָזען די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געגאַנגען דורך די גאַסען, און אויך שפּעטער, ווען ער איז געזעסען מיט זיינע נאָהנטסטע פריינד ביי דער מאָלצייט, וועלכע מען האָט געמאַכט פון זיינעטוועגען.

## ב.

און אין יענער נאַכט האָט דער אַלטער כהן גדול נישט געקאָנט איינשלאָפען. דאָס ביסל וויין, וואָס ער האָט זיך ערלויבט אויסצוטרינקען ביים מאָלצייט-טיש, די אויפרעגונג פונ׳ם טאָג, האָבן אָבגעטאָן פון איהם דעם שלאָף. אַ געמיש פון מענשליכע געשטאַלטען און הייזער און גאַסער האָט זיך געטראָגען פאַר זיינע אויגען; אין זיינע אויערן איז געשטאַנען דער אונענדליכער גערויש פון שטימען און אינסטרומענטען. אָבער באַלד האָט זיך פון אַלע געשטאַלטען אַרויסגעטיילט עתליה׳ס געשטאַלט, און ער האָט דייטליך געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט און וואָס יאַזאָן האָט געענטפערט. צוערסט איהם אַליין אונבעוואוסט, עפּעס ווי אַ ניט קלאָרע עראינערונג, ווי אַ לייכטער איינדרוק. גלייך אָבער איז איהם קלאָר געוואָרען, וואָס ער זעהט און הערט, און ער איז אונרוהיג געוואָרן. פינסטער און בייז האָט ער אָנגערוקט זיין געזיכט, ווי ער וואָלט געוואָלט פערטרייבען פון זיך געשטאַלט און שטימע, און באַלד האָט ער זיך אָנגעהויבען צו קערען פון זייט אויף זייט. אומזיסט! עתליה איז פאַר איהם געשטאַנען מיט איהרע אויגען, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעשטראַלט די זון, און דורכגעשטאָכען איהם מיט איהר דורכדרינגענדיגסטען בליק. עטוואָס האָט ער פערשפּירט אין זיין קערפּער, וואָס ער האָט אַ סך מאָל אין זיין לעבען געשפּירט, און פאַר וואָס ער האָט שטענדיג אַזוי מורא געהאַט ווי פאַר דער טויטליכער זינד און וואָס ער האָט שטענדיג געזוכט צו פערטרייבען פון זיך מיט שטאַרקען ווילען און מיט לאַנגע תפלות און שווערע תעניתים.

עס האָט אין איהם געשריען: ער, דער אַכטציג-יעהריגער! ווי קומט ער דערצו?!

— ער איז אין כעס געוואָרען אויף זיך און געטראַכט וועגען זיך מיט פעראַכטונג. אַן אַכטציג-יעהריגער און אַ כהן גדול! ער האָט צוגעווענדט זיינע געדאַנקען צו גאָט, זיינע ליפּען האָבען אָנגעהויבען צו שעפּטשען אַ תפלה. אָבער דער גרויסער עולם האָט זיך אַליין געטראָגן פאַר זיינע אויגען, און דייטליך און קלאָר האָט זיך אויסגעטיילט פון עולם יאַזאָן׳ס געליבטע, די בילדשיינע עתליה. נישט צו פערטרייבען! נישט צו פערטרייבען!

אָבער יאַזאָן׳ס ווערטער האָבען פּלוצלונג אויפגעקאָכט זיין בלוט. פערשטאָפּט זאָל ווערען דעם רשע׳ס מויל! וואָס ער האָט געהאַט פון זיין גאַנצען לעבען, פון זיין שיינהייט און זיין קראַפט?! ער האָט עס גאָט אָבגעגעבען! גאָט האָט דאָס איהם גע-

געבען, און ער איז גאָט׳ס בעל חוב געווען, און ער האָט גאָט עהרליך געצאָלט. זיין לעבען איז גאָט׳ס, און ער האָט פאַר גאָט געלעבט. ווער עס לעבט אַנדערס, איז אַ רשע, איז אַ זינדיגער פאַר גאָט, איז אַ בעל חוב, וועלכער צאָלט זיינע חובות נישט.

די דאָזיגע געדאַנקען האָבען איהם שטאַרק געמאַכט. עס איז איהם געווען, גלייך זיינע מוסקולען וואָלטען אייזען געוואָרען, און זיינע אָדערן דראָט.

אָבער עתליה׳ס געשטאַלט איז דאָך נישט פערשוואונדען. זי איז געשטאַנען פאַר איהם אין איהר שיינהייט מיט איהרע שטראַלענדיגע אויגען און דעם מאַרך און ביינער דורכנעמענדיגען בליק. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט כעס און פעראַכטונג, ער האָט אויך אויסגעשפּייט. דאָך דאָס האָט אַליין דאָס בילד נישט פערטריבען.

ער איז געבליעבען ליעגען רוהיג, אָהן געדאַנקען אין קאָפּ, און געמאַכט זיך נישט זעהענדיג. זיין פעראַכטונג צו דער נקבה=געשטאַלט האָט קיין גרעניץ נישט געהאַט. אָבער באַלד איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער און אָנגעצונדען אַ ליכט. די ליכטיגקייט מוז די בייזע געשטאַלט פערטרייבען. די נאַקעטע פיס אַראָבגעלאָזען אויף דער קאַלטער ערד, איז ער געבליעבען זיצען און זיינע ליפען האָבען געשעפּטשעט אַ תפלה. ער איז געווען בייז און גאַנץ צובראָכען אין גוף און נשמה. ווי קומט עס צו איהם, דעם זקן?! אָ, וועה, ער האָט דאָך נאָך נישט ריכטיג געלעבט. דאָס קערפּערליכע, דאָס פליישליכע, דאָס זינדיגע האָט נאָך איבער איהם די ממשלה.

ער איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך אויסגעגלייכט. עפּעס איז איהם קלאָר געוואָרען. כל זמן די נשמה איז אין קערפּער, מוז זי קעמפּפען מיט׳ן קערפּער. אַזוי וויל גאָט. און ער וועט קעמפּפען! זיין ווילען איז שטאַרק. ער האָט נאָך אַ טאָפּ געטאָן מיטן פוס. יאָ, זיין ווילען איז שטאַרק!

און אין יענער נאַכט איז ער מעהר נישט געגאַנגען שלאָפען. ער האָט פערנאַנדערגעוויקעלט די תורה פאַר׳ן שיין פון דעם ליכט און אַוועקגעזעצט זיך לערנען. ער האָט געוואוסט, אַז די געשטאַלט פון דער שיינער נקבה איז נאָך נישט פערשוואונדען. ער דאַרף נאָר צומאַכען די אויגען, וועט ער זי זעהן. ער דאַרף נאָר אָבווענדען דעם קאָפּ פון דער תורה, און ער וועט זי קלאָר דערזעהן און דערפיהלען. אָבער ער איז געווען רוהיג. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט זיעגען אין דעם קאַמפּף מיט דער געשטאַלט, וואָס קומט פון שטן. זי וועט פערשווינדען. און זיין שטימע אין דער תורה איז געווען ריהרענדיג.

ג.

אין דער פריה איז ער אַוועק אין דער וויסטע, אין דעם מדבר יהודה. ער האָט געזאָגט, ער וויל גאַנץ אַליין זיין נאָך דעם נעכטיגען רויש; ווייט פון מענשען און זיינע געשעפטען וויל ער זיך אָבגעבען אַ חשבון אין זיינע מעשים: עס איז שוין צייט דערצו, ער איז שוין זעהר אַלט. אָבער ער איז אַוועק אין מדבר צו פאַסטען און צו פּייניגען זיין לייב אין קאַמפּף מיט אַ געפיהל, וואָס קומט פון שטן. באָרפוס איז ער געגאַנגען אין ברענענדיגען זאַמד און אויף שפּיציגע שטיינער און אויף דערנער, אונטער די שרפּ׳ענדיגע שטראַלען פון אַ תמוז־זון, נישט־געגעסען און נישט־געטרונקען, נישט פערגינענדיג זיך קיין רוה. דאָך די שיינע עתליה איז געוועזען פאַר איהם און הינטער איהם. אַ סך מאָל האָט ער זיך געוואָרפען אויף דער ערד און שרעקליך געקרעכצט. אָבער נישט פאַר מידינקייט, און נישט פאַר הונגער און דורסט, נאָר אויס פערצווייפלונג. פאַר וואָס פאַרשווינדט זי נישט?! ער האָט זיך געקלאַפּט אין האַרצען, געריסען אויף זיך די ברוסט. גאָט דער האַר, פאַר וואָס פערטרייבסט דו נישט פון מיר דעם שטן׳ס אָנשיקענים?!

אָבער ער האָט נישט געוואוסט, וואָס עס לויערט נאָך אויף איהם. ווען אין אָוועגד נאָך אַ מאָלצייט פון פייגען און וואַסער האָט ער זיך אַוועקגעלעגט אויף האַרטע שטיינער אין אַ הויל צווישען פעלזען, אַ מידער, אַ פערצווייפעלטער, געפּייניגט פון אַ ברענענדיגען פערלאַנג נאָך דער שיינער עתליה, איז איהם בעפאַלען אַ שרעקליכער געדאַנק. גאַנץ אונערוואַרטעט, ווי אַ פיינד פון הינטער אַ בעהעלטעניס.

וואָס האָט ער געהאַט פון זיין גאַנצען לעבען, פון זיין שיינהייט און זיין קראַפט?!

דאָס זיינען געוועזען יאָזאָן׳ס ווערטער, אָבער דער כהן גדול האָט דאָס יעצט נישט געוואוסט. אַזוי איבערראשענדיג איז עס איבער איהם געקומען, אַז ער האָט אויפגעקרעכצט און אָנגעהויבען צו טרייסלען זיך, ווי פון אַ ווינטערפראָסט אויפן שניי־שפּיץ פון דעם באַרג לבנון.

וואָס ער האָט געטראַכט ביי נאַכט אויף זיין געלעגער און וואָס האָט איהם דאַן אַזוי שטאַרק געמאַכט, האָט ער יעצט נישט געדיינקט. עס האָט נאָר גענאָגט אין איהם אָהן אַן אויפהער: „וואָס האָב איך געהאַט פון מיין גאַנצען לעבען, פון מיין

שיינהייט און מיין קראַפט?״ ער האָט אַפילו גערופען צו גאָט: „גאָט מיינער, וואָס האָב איך געהאַט פון מיין גאַנצען לעבען, פון מיין שיינהייט און מיין קראַפט?״

אונטער דעם דרוק פון נישט בעפריעדיגטער תאוה האָט איהם זיין גאַנץ לעבען אויסגעזעהען ווי אַ מדבר. האַרט און שטריינג, דערנער און שטיינער. אַלץ חובות און חובות געצאָלט. דער קערפער איז געוועזען גאָרנישט, די נשמה אַלץ. די נשמה! ווער שרייט עס יעצט אין איהם? ווער בענקט עס יעצט אין איהם? די נשמה אָדער דער קערפער?

ער האָט פערוואָרפען דעם קאָפּ און איז געלעגען מיד און פערצווייפעלט. אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך שנעל אויפגעזעצט. מיט שרעק־אויגען האָט ער געקוקט פאַר זיך און אין זיך געגראָבען: פון וואַנען וויים ער, אַז דער אמת איז געוועזען מיט איהם, אַז זיין לעבען איז געוועזען דאָס אמת׳ע, דאָס גאָט־געוואָלטע?

ער האָט זיך אויסגעצויגען אויפן בויך, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנד, די אויגען אָנגעשטעלט אין דער וויסטער נאַכט אַריין, און געגראָבען און געגראָבען אין זיך. ערגעץ אין דער ווייט האָבען שאקאַלען געוואָיעט, אַ מדבר־לייב האָט זיך הונגעריג צושריען — יוחנן האָט גאָרנישט געהערט. עס האָט איהם געפּרעסטעלט, און אין האַרץ און נשמה האָט עס איהם בלוטיג געריסען. דאָס גאַנצע פאָלק לעבט גאַנץ אַנדערש ווי ער. זיינען זיי אַלע רשעים, איז ער אַליין דער צדיק? אָבער עס איז גאָר נישטאָ קיין צדיק אויף דער וועלט, וועלכער האָט נישט געזינדיגט. וואָס הייסט זינ־דיגען? מען האָט אָפט געלאַכט פון זיין שטריינגקייט, געשריען געגען איהר. איז ער אפשר טאַקע צו שטריינג געוועזען? וואו איז די גרעניץ?

ער האָט אַרויפגעקוקט צום הימעל. עפּעס האָט ער געוואַרט, אַז דער הימעל וועט זיך יעצט אויפטאָן, און ער וועט גאָט דערזעהן און גאָט דערהערען. און יעמאָלט וועט ער וויסען דעם גאַנצען אמת. גאָט וועט איהם אַלץ ענטפּלעקען. איהם אַליין. ער האָט נישט אָפּגעטאָן זיינע אויגען פון דעם הימעל, און אַ בּיינקענים איז אויף איהם אָנגעפאַלען. ער האָט געגאַרט צו זעהען גאָט און צו הערען איהם. אַכטציג יאָהר איז ער, און דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען איז ער אָבגעוועזען אַ כהן גדול, אָבער גאָט האָט זיך צו איהם קיינמאָל ניט ענטפּלעקט נישט אויפ׳ן וואָהר און נישט אין חלום. וואָס ער וויים, וויים ער פון אַנדערע, פון די, וועלכע זיינען געוועזען פאַר איהם. פון משה׳ן און די נביאים. און אויך פון זיך אַליין, פון דעם, וואָס זיין האַרץ האָט איהם געזאָגט. יעצט וויל ער עס וויסען פון גאָט אַליין. האָט ער עס דען נישט פערדיענט? אָבער שעה איז אַוועק נאָך שעה, און דער הימעל האָט זיך נישט אויפגעטאָן, און גאָט האָט זיך נישט בעוויזען. אין דעם הויכען הימעל האָבען רוהיג געבלינצעלט די שטערן און אין דער ווייטענס האָבען שאקאַלען געוואָיעט און אַ וויסטע־לייב האָט געשריען.

ער דאַנט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפ׳ן אָרם מיט׳ן געזיכט אַראָב און זיך צעוויינט. נאַגיק ווי אַן אומבאַפריידיגט קינד, און איז ווי אַ קינד אויך איינגעשלאָפן אין זיינע טרערן.

זיין שלאָף איז געווען אומרואיק און קורץ. זעלטזאַמע חלומות האָבן זיך גע־שפינט און געפלאָכטן, וועלכע ער האָט נישט געדיינקט מעהר ביים אויפכאַפּען זיך. און ער האָט געוואוסט, אַז גאָט האָט זיך איהם אַפילו אין חלום נישט באַוויזען. זיין האַרץ איז איהם געווען זעהר שווער, און ער האָט בעגלייט זיין מאָרגען־געבעט מיט ט׳עפע זיפצען. עתליה׳ס געשטאַלט איז ווי פערצויגען געוואָרען מיט אַ וואָלקען; דאָס, וואָס האָט איהם אַרויסגעטריבען אין מדבר, איז ווי פערשוואונדען און פערגעסען גע־וואָרען. יעצט האָט ער געהאַט איין גרויסע בּיינקעניס: אַ ביסעל נבואה, גאָט׳ס שטימע הערען, פערנעמען גאָט׳ס ווערטער. און מיט זיפצען און טרערען איז ער ווייטער אַוועק, וואָס טיעפער אין מדבר, צו פּייניגען זיין לייב מיט תפלות און תעניתים. ער איז גע־גאַנגען און האָט געוואַרט, זיינע אויגען צום הימעל געווענדט, זיינע אויערן ווייט אָפען. אָפטמאָל פלעגט ער בלייבען שטעהן מיט אַ פערכאַפּטען אָטעם, ווייל עס האָט איהם אויסגעדוכט, אַז ער זעהט אָדער הערט שוין עפּעס. אָבער יעדעסמאָל פלעגט ער נאָך אַ קורצען וואַרטען אַוועקגעהן ווייטער מיט אַ טיעפען קרעכץ.

ער האָט נישט אויפגעהערט תפלה צו טאָן. „פון טיעפען האַרצען רוף איך דיך, גאָט. גאָט, דערהער מיין קול, נייג אָן דיינע אויערן צו דער שטימע פון מיינע געבעטען.“ און האָט אויך מיט שכל קלוג גערעדט צו גאָט. ער גלויבט אין משה׳ן און אין די נביאים. ער וויים געווים, אַז גאָט האָט זיך צו זיי ענטפּלעקט און צו זיי גערעדט. אָבער ווען ער האָט גערעדט צו יענע און ענטפּלעקט זיי זיין רצון, פאַר וואָס זאָל ער עס נישט טאָן צו איהם? אויב ער איז נישט ווערט, וויל ער אויך וויסען פאַר וואָס? אויב קיינער קאָן נישט זעהען גאָט און לעבען בלייבען, אַרט איהם נישט, אַז ער וועט שטאַר־בען. מיט׳ן גאַנצען האַרצען וויל ער אַזאַ טויט. זעהן גאָט און שטאַרבען. אַלמעכטיגער, כאָטש די מינוט!

ער בלייבט שטעהן און וואַרט. אַ טרויעריגער געהט ער ווייטער. ענדליך האָט ער אָנגעהויבען צו רופען: „גאָט, ווען דו אַליין ווילסט זיך מיר נישט ענטפּלעקען, דאַן שיק מיר דיין שליח!“

אָבער טעג זיינען אַוועק נאָך טעג. ער איז אויסגעגאַנגען דעם מדבר אין דער לייג און אין דער ברייט, זיין קערפּער איז איינגעדאַרט געוואָרען, זיין געזיכט אָבגע־פאַלען, אין טיעפע לעכער זיינען געזעסען זיינע מידע אויסגעלאָשענע אויגען — — דאַן האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין שטאָדט, וואו מען איז שוין שטאַרק אונ־רוהיג געווען איבער זיין פערשווינדען און וואו מען האָט איהם אויפגענומען מיט שרעקגעשרייען און פערבראָכענע הענד איבער זיין עלענדען אויסזעהן. מיט נאָך גרעסערען שרעק איז מען אַוועק פון איהם, ווייל ער האָט אויף אַלע פראַגען נישט געענטפערט, זיין מויל איז געווען צוגעשלאָסען, זיין בליק שטריינג און פרעמד. און

זיין פרוי און זיינע קינדער און זיינע פריינד און די גאַנצע שטאָדט זיינען אומגעגאַנגען גאַנץ פערלאָרען און פערצווייפעלט, ווייל זיי האָבען נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט דעם אַלטען כהן גדול. די איינציגע ווערטער, וועלכע ער האָט אַרויסגערעדט, זיינען געווען צום שליסעלהיטער, פון וועלכען ער האָט גענומען דעם שליסעל צום בית המקדש און וועלכען ער האָט אָנגעזאָגט, אַז קיינער זאָל נאָך איהם נישט נאָכגעהן. און די גאַנצע שטאָדט איז נאָך מעהר אויפגערודערט געוואָרען.

## ד.

נור איין מאָל אין יאָהר — אום יום כפור — האָט דער כהן גדול געמאָגט אַריינגעהן אין קדש הקדשים, אין דאָס הייליגסטע צימער פון גאָט׳ס הויז. נאָר דאָס איין מאָל, און נישט בעשטראָפט ווערען, גאָט׳ס בלייך זאָל איהם נישט טרעפען אויפ׳ן אָרט. אָבער יוחנן איז יעצט אַוועק צום קדש הקדשים. ער האָט געוואָלט זעהן גאָט, און דער טויט האָט איהם נישט געשראָקען. זיין האַרץ איז געוועזען פערביטערט, זיין געמיט שווער. ער איז נישט פון גאָט׳ס אויסגעוועהלטע. וואָס איז איהם דאָס וויטערע לעבען אין אום-חן?

ער האָט זיך צוגעגרייט מיט טובל זיין זיך און מיט מקריב זיין אַ קרבן און אָנגעטאָן זיך אין ווייסען. פאַר דער טיר פון דעם קדש הקדשים איז ער אַ ווייל׳ע געבליעבען שטעהן. אוים מורא, אָבער אויך אוים ערוואַרטונג: טאָמער גיט איהם נאָך גאָט עפּעס אַ צייכען. שטיל איז עס געוועזען אַרום, און די האַלב-דונקעלהייט פון דעם היכל, אין וועלכען ער איז געשטאַנען, איז ווי אָנגעפילט געוועזען מיט גייסטער. ער האָט זיך מיט אימה אַרומגעקוקט אַרום זיך, און זיין האַרץ האָט איהם שטאַרק געקלאַפּט. אָבער ער איז נישט ענטלאָפען און פון זיין עקשנות נישט אָבגעלאָזען. מיט פעסטען ווילען דאָך ציטערדיגער האַנד האָט ער אויפגעעפענט די שווערע טיר פון קדש הקדשים, און איז מעהר אַריינגעשפּרונגען ווי אַריינגעגאַנגען אין איהם. די אויגען זיינע איהם ווי געבלענדט געוואָרען, די פיס האָבען זיך איהם אונטערגעבויגען, זיין האַרץ איז איהם שיער נישט צופּלאַצט געוואָרען. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנד, ער זאָל נישט פאַלען. ער האָט גאָרנישט געזעהן און גאָרנישט געהערט. ער איז געשטאַנען אין גרויסען שרעק.

ביסלעכווייז איז ער געקומען צו זיך. וויפיעל צייט איז אַריבער? ער לעבט נאָך?! ער האָט געמאַכט גרויסע אויגען, אָבגעריסען זיך פון דער וואַנד, אַרומגעקוקט זיך. שטיל איז עס און רוהיג אין דער גרויסער פינסטערניס פון דעם צימער. דעם שתיה-שטיין, וועלכער איז דאָ געשטאַנען אויף דעם אָרט פון דעם פערשוואונדענעם אָרון הקדש, האָט ער מעהר געפיהלט, ווי געזעהן. שטיל. אַ ריעזיגע שטילקייט. ער האָט געגלאָצט מיט די אויגען, שאַרף צוגעהערט-זיך. גאָרנישט. פיער לעדיגע ווענד און דער שתיה-שטיין און ער אַליין. און מעהר גאָרנישט. ער האָט אויפגעשריען פאַר

פערוואונדערונג. און זיין יעצטיגע פערוואונדערונג איז גרעסער געווען פאַר זיין פריערדיגען שרעק. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, שטאָלץ און העזה׳דיג, און זיין גע־זיכט איז געוואָרען שטרייננ און בייז. ער האָט אָנגעהויבען אַרויסצוגעהן, ווי ער איז געוועהנט געווען: מיט׳ן רוקען צום היכל און מיט׳ן געזיכט צום קדש, אָבער באַלד האָט ער זיך אומגעקעהרט און איז אַרויס מיט פעסטע טריט פון קדש הקדשים און פון בית המקדש. —

ער איז אַוועק צו עתליה׳ן, צו דער געליבטער פון יאָזאַן, דעם זוהן פון משולם. זי האָט איהם פערוואונדערט און דערשראָקען אָנגעקוקט: דער כהן גדול ביי איהר!

„איך בין געקומען נאָך דיין ליעבע,“ האָט ער געזאָגט.

זי האָט אויפגעשריען און איז אָבגעטראָטען פון איהם מיט אויפגעהויבענע הענד, ווי צו פערטיידיגען זיך.

„איך בין שיין און שטאַרק און בין צו פערליעבען זיך אין מיר. דו האָסט עס געזאָגט, און איך בין געקומען נאָך דיין ליעבע.“

זי האָט געוואָלט ענטלויפען, אָבער ער האָט איהר פעסט פערטראָטען דעם וועג.

„איך האָב פון מיין לעבען גאָרנישט געהאַט. גאָרנישט געהאַט פון מיין שיינ־הייט און קראַפט. דיין יאָזאַן האָט עס אַליין געזאָגט. יעצט וויל איך אָניאָגען, וואָס איך האָב נישט געהאַט, כל זמן איך האָב נאָך קראַפט און שיינהייט.“

זי האָט געוואָלט שרייען, אָבער דער האַלז איז איהר ווי צוגעשנירט געוואָרען.

ער האָט זי אָנגענומען מיט פעסטער האַנד, און זי האָט זיך געדרעהט און געוואָר־פען, ווי ווען אַ שלאַנג וואָלט זי אַרומגעוויקעלט. און ער האָט גערעדט:

„איך בין געקומען נאָך דיין ליעבע. שרעקסט דו דיך פאַר מיר? עקעלסט דו דיך פון מיר? איך בין דיר צו אַלט? מיינע ווייסע האָר דערמאָנען דיר די שנייאיגע קאַלטקייט פון דעם טויט. אָבער איך לעב נאָך און בין שטאַרק און הייס, און בין געקומען נאָך דיין ליעבע.“

און עתליה, בלייך און בלאַס, האָט זיך געדרעהט אין זיינע הענד און געשעפּט־שעט מיט שרעק און עקעל: „לאָז מיך אָב! לאָז מיך אָב!“

אָבער ער האָט זי אַריינגענומען אין זיינע אָרמס, און מיט זיינע שאַרפע אויגען איינגעגעסען זיך אין איהר געזיכט.

„איך וויל דיין ליעבע. דו וועסט מיר מוזען געהערען. ווילסטו נישט מיט גוטען, וועל איך דיך צווינגען. איך בין אַלמעכטיג, דו ווייסט עס. דיין לעבען איז אין מיינע הענד, און דאָס לעבען פון דיין געליעבטען און פון אַלע דיינע ליעבע.“

עתליה איז געקומען צו איהר קול. „ניין, ניין!“ האָט זי געשריען. „טויט מיך! טויט מיך אַליין!“

„דו וועסט מיר געהערען. איך וויל נישט דיין טויט, איך וויל דיך אין דיין לעבעדיגער שיינקייט. איך בין זעהר רייך, דער רייכסטער אין גאַנצען פאָלק. איך וועל דיך אָנטאָן אין גאָלד און זילבער און עדעלשטיינער ווי גרויס דו ביזט. בעט,

וואָס דו ווילסט, און איך וועל דיר געבען. וואָס שרעקסטו דיך אַזוי פאַר מיר? איך בין אַלט אין יאָהרען, אָבער שטאַרק אין קערפּער, און איך וויל מיין שטאַרקייט אויסגעניסען. געהער מיר, און דו וועסט קיין חרטה נישט האָבען."

זיינע ווערטער, וועלכע האָבען געקלונגען מיט גאָלד, און זיין אָרם, וועלכער האָט געציטערט פון גרויסער מענליכער קראַפט, האָבען געענדערט עתליה׳ס זין. זי איז געוואָרען דעם כהן גדול׳ס געליעבטע, אָבער נאָר אויף געצעהלטע טעג. ווייל אַ ווילדער גייסט איז בעפאַלען דעם כהן גדול, ער האָט געוואָלט וואָס מעהר געניסען און אויסגעניסען, און ער האָט געביטען זיינע געליעבטע מיט יעדען טאָג, בעטרונקען פון תאוה און וויין. ווייל אויך צו שכרות האָט ער זיך איבערגעגעבען, צום גרויסען שרעק פון דעם גאַנצען פאָלק.

זיין ווייב און זיינע קינדער און אַלע, וועלכע זיינען אמת פרום און עהרליך געווען, און אַלע, ביי וועמען דער כבוד פון זייער פאָלק איז זעהר טייער געווען, האָבען מיט פערצווייפלונג אין זייערע הערצער געוואָלט אָברייסען איהם פון דעם שרעקליכען לעבען, וואָס ער האָט אָנגעהויבען צו פיהרען. זיי האָבען אויך געוואָלט וויסען, ווי קומט עס צו איהם פלוצלונג, ווי האָט ער געקאָנט אַזוי פערגעסען זיך און גאָט. אָבער ער האָט נישט געהערט צו זיי; ער איז ווי שטום געוואָרען. און עס האָט אויסגעזעהן, אַז אַלע דערמאָהנונגען וועגען גאָט און דער תורה האָבען נישט אָנגעריהרט זיין האַרץ און אויער.

און אַ סך, וועלכע זיינען נישט עהרליך געוועזען און ביי וועלכע דער כבוד פון זייער פאָלק איז וועניגער ווערט געוועזען ווי די קלענסטע פרוטה, וועלכע איז אָנגעקומען אין זייער בייטעל, האָבען זיך געמאַכט צו חונפים און אויספיהרער פון זיין ווילען. ווייל ער האָט געוואָרפען אַרום זיך מיט גאָלד, און דאָס איז אַליין, וואָס זיי האָבען פון איהם געוואָלט, און וואָס מעהר פער׳תאוה׳ט און פער׳שכור׳ט ער איז געוואָרען, אַלץ מעהר גאָלד איז אַריינגעפאַלען אין זייערע הענד.

דאָך באַלד האָבען זיך געלאָזען פיהלען זיינע אַכטציג יאָהר. ער איז געוואָרען קראַנק און טויט פלייש, נאָר שכור׳ן האָט ער נאָך געקאָנט, און ער איז געוואָרען אַן עקעל און אַ שרעק.

דאָס פאָלק האָט געמוזט בעפרייט ווערען פון איהם, און זיין טויט איז בעשלאָסען געוואָרען. אָבער מען האָט געדיינקט, וואָס ער איז געוועזען די אַכטציג יאָהר, און קיינער האָט נישט געוואָלט לעגען אויף איהם זיין האַנד. מען האָט בעשלאָסען, אַז זיין טויט זאָל זיין אַ בכבוד׳ער, ווי פון אַ צופאַל געקומענער. און איינמאָל אין אַן אָוועד, ווען ער איז אַם שטאַרקסטען בעטרונקען געוועזען, האָט מען איהם אַוועקגע׳גנב׳עט פון זיינע חונפים, אַוועקגעפיהרט אין די בערג און געלאָזט ליעגען אויף דעם ברעג פון אַן אָבגרונד איבער אַ טיעפען וואַסער. קיינעם׳ס האַנד האָט זיך נישט אויפגעהויבען אַראָבצושטויסען איהם, און מיט טרערען אין די אויגען און רחמנות׳דיגען קאָפּשאָקלען איז מען פון איהם אַוועק. — — —

ער איז געלעגען אָהן אַ בעוועגונג, פערזונקען אין אַ טיעפען שלאָף. אָבער די ערסטע שטראַלען פון דער אויפגעהענדיגער זון האָבען איהם אויפגעוועקט. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנד ווי נאָך דעם וויין, וועלכער איז יעצט שטענדיג געשטאַנען פאַר איהם. אָבער ער האָט אָנגעטאַפּט די לופט. ער האָט אַרומגעפיהרט מיט די הענד און ענדליך אויפגעעפענט די אויגען. ער האָט זיי פערנאַנדערגעעפענט אַלץ ווייטער און ווייטער, אַלץ גרעסער און גרעסער. וואו איז ער? ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אין איין זייט און אין די אַנדערע, אַרויף און אַראָב. ער האָט דערזעהן דעם אָבגרונד. שווער און לאַנגזאַם איז איהם קלאָר געוואָרען, אַז ער ליעגט אויפ'ן ברעג פון אַ טיעפען אָבגרונד. ווי קומט ער אַהער? ווער האָט איהם אַהער געבראַכט? שווער און לאַנגזאַם האָט ער זיך אָבגערוקט פון דעם ברעג פון דעם אָבגרונד. ווען ער וואָלט אַריינגעפאַלען — — ער האָט בעגריפען. דאָס איז געווען זיין טויט-פסק. מען האָט איהם פער'משפט צום טויט און די הענד פון זיינע שופטים האָבען געזאָלט בלייבען ריין. עס האָט אויפגעקאָכט אין איהם. ער האָט געוואָלט שנעל אויפשטעהן, אָבער די כחות זיינען נישט געווען מיט איהם. ער האָט אַרומגעוואָרפען מיט'ן קאָפּ, געקלאַפּט מיט די פויסטען אויף דער ערד, געסקריעט מיט די ציינער. מיד און גאַנץ אָהן כחות איז ער ענדליך ליעגען געבליעבען, און אַ ווייל שפּעטער האָט ער אָנגעהויבען אַרומצוקוקען זיך. וואו איז ער אין דער וועלט?

ער האָט געזעהען פאַר זיך אַ גרויס וואַסער אַרומגערינגעלט מיט גרינע בערג. עס האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרויסער קעסעל, איבער וועלכען עס האָט זיך אויפגעהויבען די קעניגין פון טאָג, ריין און יונג און פלאַמענדיג. פון די בערג-וועלדער ווייט און ברייט האָט זיך אויפגעהויבען צו איהר אַ לייכטער, בלויער נעפעל. די ערד האָט זיך אָבגעדעקט פאַר דער זון, מיט תענוג איינגענומען אין זיך איהרע שטראַלען, און אין העלען גרין איהר צוגעיובעלט. גאַנץ אין דער נאָהנט האָט געפינקעלט און געבלענדט די אויגען דער שנייאיגער שפּיץ פון דעם לבנון, שטיפעריש אָבוואַרפענדיג פון זיך מיט אַלע רעגענבויגען-פאַרבען די שפּיזען-שטראַלען פון דער זון. און דער שטילער טיעפער בערג-ים האָט אַריינגענומען אין זיך די גאַנצע ליכטיגקייט פון הימעל און ערד און פערדאָפּעלט די הערליכקייט.

יוחנן איז געלעגען און געקוקט און נישט אָבגעגעבען זיך קיין רעכענשאַפט, וואָס אַזוינס זעהט ער, אָבער ער איז גאַנץ אָנגעפילט געוואָרען פון דער הערליכקייט. אויך פלוצלונג האָבען זיינע ליפען אָנגעהויבען צו שעפּטשען:

„בענש מיין נשמה, גאָט: גאָט, דו ביזט זעהר גרויס, הערליכקייט און פראַכט האָסטו אָנגעטאָן. וויקעלסט זיך איין אין ליכט ווי אין אַ קלייד, שפּרייטסט אויס דעם הימעל ווי אַ ליילעך.“

ער האָט עס געשעפּטשעט, און זיין גייסט איז נישט געווען מיט איהם. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס פון זיינע ליפּצען קומט אַרויס. ער האָט עס איבערגע'חזרט עטליכע מאָל. אַלץ די זעלביגע פסוקים. „בענש מיין נשמה, גאָט: גאָט, דו ביזט

זעהר גרויס, הערליכקייט און פּראַכט האָסטו אָנגעטאָן...״ און אין האַרצען איז איהם געוואָרען ווייך און ווייכער.

דאַן האָט ער דערהערט, וואָס ער שעפּטשעט, און דערשראָקען זיך. גאָט׳ס נאָמען אויף זיינע ליפּען, און ער איז פול פון גאָט — פון גאָט, געגען וועלכען ער האָט בונד געוועזען, געגען וועלכען ער איז אַזוי העזה׳דיג אויפגעשטאַנען! ער האָט זיך צואוויינט. גאַנץ שטיל, אָהן דעם קלענסטען טאָן, אָבער זיין האַרץ איז איהם גאַנץ צוריסען און צובראָכען געוואָרען. אויף די לעצטע צייט האָט ער געוויינט, אויף דאָס מיאוס׳ע לעבען, וואָס ער האָט געפיהרט, און זיין שטילער געוויין איז געוועזען פול פון גרויסען בראָך, פול פון תשובה און חרטה, אָבער זיינע אויגען האָבען זיך נישט אָב־



געווענדט פון דער גרויסער שיינהייט און ליכטיגקייט אַרום איהם. און עס איז איהם געוועזען, ווי ער וואָלט יעצט בעגריפען, וואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבען נישט געוואוסט. ווער עס בעשאַפט אַזויפיעל שיינהייט און הערליכקייט, קאָן נישט זיין בלויז שטרייִנג און האַרט. און אין זיין גרויסער צובראָכענהייט האָט איהם אויסגעפילט די טרייסטליכע האָפנונג, אַז גאָט איז גוט, פול רחמנות און ליעבע.

ער האָט געוואָלט איבערשטעהן און אַראָבגעהן צוריק צו די מענשען און זאָגען זיי, וואָס ער האָט זיך דערוואוסט, אָבער זיינע כחות האָבען איהם פערלאָזען. דאַן האָט ער געוואוסט, אַז זיין סוף איז געקומען. ער האָט זיך דערשראָקען. גאָט, נאָר נישט בלייבען ליעגען דאָ אין מויטער העסליכקייט! אָבער באַלד האָט ער זיך בערוהיגט. ער האָט אָנגעהויבען צו שעפּטשען אַ תפלה, האַלטענדיג די אויגען ווייט אָפען אויף גאָט׳ס שיינער וועלט. און ווען ער האָט דערפיהלט, אַז די אויגען ווערען איהם שווער, האָט ער נאָר איין בעוועגונג געמאַכט — און ער איז ווי אַ בליי אַראָבגעפאַלען אין דאָס טיעפע וואַסער.

1912.

# א.

דאָס איז געווען אין די טעג פון אחשורש, דעם אחשורש, וועלכער האָט געקעניגט פון הודו ביז כוש, הונדערט און זיבען און צוואַנציג מדינות. אין דעם דריטען יאָהר פון זיין קעניגען איז ער אין כעס געוואָרען אויף ושתי זיין פרוי, ווייל זי האָט איינמאָל זיין ווילען נישט געטאָן, און האָט אָבגעטאָן זי פון זיך. און אַז זיין כעס איז געשטילט געוואָרען, האָט ער שטאַרק בעדויערט וואָס ער האָט געטאָן און זיין האַרץ איז פול געוואָרען מיט בּיינקענים נאָך ושתי׳ן. און עס האָבען געזאָגט זיינע דיענער: „זאָל מען אויפזוכען פאַר דעם קעניג אין אַלע מדינות פון זיין קעניגרייך יונגע מיידלער און שיינע. און דאָס מיידעל וואָס וועט געפעלען ווערען דעם קעניג, זאָל קיניגין אָנשטאָט ושתי׳ן.“ און דאָס איז געפעלען געוואָרען דעם קעניג און ער האָט אַזוי געטאָן.

אַ יונגער איד האָט געלעבט אין שושן הבירה, און זיין נאָמען איז געווען זרבבל דער זוהן פון שאלתיאל. פון דוד׳ס קעניגליכען הויז האָט ער אָבגעשטאַמט, אן איינִיקעל פון דעם לעצטען אידישען קעניג, און קעניגליך איז געווען זיין אויסזעהן. הויך אין וואוקס און ברייט אין די שולטערן, אין זיינע טיעפע שוואַרצע אויגען איז געלעגען דער בליק פון אַ הערשער, און זיינע לאַנגע שוואַרצע האָר אין דעם נאַקען האָבען עדות געזאָגט פון זיין קראַפט. ווער עס האָט איהם געזעהען, האָט איהם ליעב געקריגט און אַבשיי געהאַט פאַר איהם, און די אידען זיינען געווען שטאָלץ מיט איהם. זייער זעלבסטשטענדינקייט, די נאָך נישט לאַנג פערלאָרענע, האָט ער זיי דערמאָנט, און געוועקט אין זיי געדאַנקען וועגען אַ בעסערע, זעלבסטשטענדיגע צוקונפט. און אַ יונג אידיש מיידעל איז געווען אין שושן, און זי האָט געהייסען שושנה, און מעהר פאַר אַלץ האָט זי געליעבט זרבבל. זיין שפּיעלצייג איז זי געווען און זיין לאַסקע, זיין טרייסט אין שווערע מינוטען און זיין אָברוה נאָך האַרטער אַרבייט. קליין און צאַרט, וויים דאָס געזיכט און שוואַרץ דאָס האָר. איהר גאַנצע נשמה איז געלעגען אויפגעדעקט אין איהרע שוואַרצע אויגען אונטער די שוואַרצע זיידענע פעדימלעך פון די ברעמען און דאָס איז געווען די ליעבליכקייט אַליין. העל איז געווען איהר לאַכען און האָט געגלעט די אויערן פון אַלע איהרע הערער ווי זיידענס פון דמשק. און שטענדיג האָט געלאַכט איהר מויל, און פון איהרע האַלב אָפענע ליפען האָבען אַרויסגעפינקעלט וואונדערזאַם ווייסע קליינע ציינדעלעך.

און עס איז געוועזן, ווען אחשורש האָט בעפוילען צו זיך די שיינע טעכטער פון זיינע אונטערטאַנען אויף אויסצוקלייבען פון זיי א ווייב פאַר זיך אנשטאָט ושתי׳ן, האָט זרבבל געוואוסט, אַז זיין שושנה וועט זיין די אויסגעוועהלטע. און ער האָט זי בעהאַלטען אין אן אָרט, וואו דעם קעניגס דיענער זאָלען זי נישט קאָנען דערגרייכען, און איז נישט אָבגעטראָטען פון איהר, ווי אַ לייב גרייט אָנצופאַלען אויף יעדעם, ווער עס וועט שיקען נאָך איהר זיין האַנד. אָבער צוערשט האָט ער איהר געזאָגט: „שיין ביזט דו, שושנה, און עס איז ניטאָ קיין גלייכען צו דיר אונטער דער זון. פון אַלע טעכטער יהודה׳ס ביזט דו די שענסטע, און אומזיסט וועט מען זוכען נאָך איינע צו דיר צווישען אַנדערע פעלקער. דער בליק פון דיינע אויגען איז די זיסעסטע בעריהרונג, און דער קוס פון דיין מויל איז די אייביגקייט. ווי אַ הויך פון אַ בלום איז דיין קערפּער און געלייטערט און זעליג איז זיין געניעסער. צו ווילסט דו נישט, זאָג מיר, שושנה, גע־נומען ווערען אין דעם קעניג׳ס הויז? און עס וועט זיין, אַז ווען אחשורש וועט דיך דערזעהן, וועט ער אַראָבלאָזען זיך פאַר דיר אויף די קני, גלייך ווי די געטין עשתרות וואָלט זיך איהם בעוויזען אין איהר שענסטער געשטאַלט. און דו וועסט ווערען דעם קעניג׳ס ווייב, אַ קעניגין פון הודו ביז כוש, פו הונדערט און זיעבען און צוואַנציג מדינות. און גרויס און מעכטיג וועסט דו ווערען, אַ הערשערין איבער לעבען און טויט פון אַלע דעם קעניג׳ס אונטערטאַנען, און אַלע וועלען ציטערן פאַר דיר. זאָג מיר, שושנה, און דו ביזט גלייך פריי, איך אַליין עפען אויף די טיר פאַר דיר...“

אָבער נישט געלאָזען ענדיגען האָט זי איהם, און אַרויפגעלעגט איהר ווייכע קליינע האַנד אויף זיין מויל. זי האָט זיך צוגעדריקט צו איהם מיט איהר צארטען בלומען־קערפּער און איהר קאָפּ אַרויפגעלעגט אויף זיין שטאַרקע ברוסט, און וויינענדיג און דערשראָקען איז געוועזן איהר שטימע: „וואָס שרעקסט דיין שושנה דו, דו בייזער זרבבל? מאָל מיר דעם טויט אוים און פערניכטונג, רעד מיר פון שקלאַפעריי און שווערע קייטען, זאָג מיר, אַז העסליך וועל איך ווערען, מיט אַ געזיכט פון אַ מצורעת, און דו וועסט דיין שושנה אַזוי ניט דערשרעקען, ווי מיט דיינע רעד פון דעם קעניג און זיין קעניגרייך. און ווי האָסט דו געקענט אַזוי רעדען, זאָג מיר, מיט וואָס האָב איך מיך אַזוי פערזינדיגט? ווייסט דו דען נאָך נישט, ווי שטאַרק מיין ליעבע איז צו דיר? זאָג מיר, מיט וואָס זאָל איך עס דיר נאָך בעווייזען, און איך וועל עס טאָן. מיט פערשיע־דענע שפּראַכען רעדט די ליעבע, און האָב איך דען נישט אויף זיי אַלע צו דיר גע־שפּראָכען? האָב איך נישט געוואָרקעט ווי אַ טויב צו דיר און האָב איך נישט געשריען מיט פלאַמען־צונגען פון ליידענשאַפט? האָב איך נישט געלאַכט אין דיינע אומאַר־מונגען מיט מיין העלסטען לאַכען, און האָב איך דען נישט געוויינט פאַר אויפגעהן אין דער זיסקייט פון מיין ליעבע? דו בייזער זרבבל, דו איינציגער מיינער! ווי אַ קראַנקע טויב איז יעצט מיין ליעבע, אַראָבגעלאָזען האָט זי איהרע פליגלען און אין טיעפער טרויער פערוואָרפען איהר מידען קאָפּ, און דו האָסט דאָס זי פערוואונדעט!“

שטאַרק צוגעדריקט צו זיך האָט זי זרבבל, און זיין האַרץ האָט אין איהם גע־שריען פאַר ענטציקונג. ער האָט זי נישט אָבגעשטעלט אין איהרע רעד, און יעדעס וואָרט פון איהרע פורפור־ליפען האָט שווערער געמאַכט זיין אָטעם. ער האָט נישט געקאָנט רעדען, שווער געהויבען האָט זיך זיין ברוסט און מיט זיינע לייכטענדיגע אויגען האָט ער געטרונקען פון איהר ליעבע, און זיי זיינען געווען ווי אַ ים, וועלכען מען קאָן נישט אָנפילען.

און שושנה האָט אַרויפגעוואָרפען אַרום זיין נאַקען איהרע נאַקעטע ווייכע אָרעמס און זי האָט געשעפטשעט צו איהם, און איהר קול איז געווען ווי דער קול פון אַ וויטער פיעדעל: „דו ביזט מיין קעניג און מיין קעניגרייך איז דיין ליעבע. גרעסער און רייכער איז עס ווי דער קעניג אחשורוש׳עס. עס פערגעהט די זון קיינמאָל נישט אין מיין קעניגרייך, און איך געוועלטיג אין איהם אונבעגרענצט. דיין שטאַרקע ברוסט איז מיין פעסט לאַנד, אויף איהר בוי איך מיינע הערליכסטע פאַלאַצען. דיינע אויגען זיינע מיינע ימים, איך טונק מיך אין זיי ווי די אונטערגעהענדיגע זון און ווי די אויפגעהענדיגע קום איך פון זיי אַרויס און מיין וועלט איז הערליך און ליכטיג. דיינע מעכטיגע אָרעמס זיינען מיינע אַרמעען און זיכער פיהל איך מיך אונטער זייער שוץ. איך וויל קיין אַנדער קעניגרייך נישט און די גאַנצע וועלט אָהן דיר וועט מיר זיין צו ענג און צו עלענד. מיין ליעבער, מיין איינציגער, מיין פעסטונג און מיין זון, בעשיצט דיין שושנה, בעהיט דיין קעניגין!“

פעסטער צוגעדריקט צו זיך האָט זי זרבבל, און זיין שטימע האָט געציטערט פאַר אויפרעגונג, און דאָך האָט זי געערדט פון גרויסער קראַפט: „מיט דיר איז זרבבל, און וועה צו יענעם, ווער וועט אויסשטרעקען נאָך דיר די האַנד, און זאָל עס זיין דער קעניג אַליין. אָבער רעד צו מיר, שושנה, רעד צו מיר, מיין הערליכע. עפען מיר אויף דעם גן עדן מיט דיינע ווערטער, און איך בין דער גאָט, וועלכער וואויהנט אין איהם. וואָרקע מיר, מיין טייבעלע, און פיל אָן מיין האַרץ מיט זעליגקייט

און שושנה האָט אויפגעלאַכט מיט איהר העלסטען לאַכען און דאַן האָט זי גע־פליסטערט: „קליין איז שושנה, אָבער גרויס איז איהר ליעבע, און ווי דער ים האָט זי קיין ברעג. אָבער שושנה וויל בעצאָלט זיין, און זי לעכצט נאָך אַ קוס!“

פייערדיג האָט זיך זרבבל צוגעדריקט צו איהר און נאָך פייערדיגער איז געווען זיין קוס. לאַנג האָט ער זיינע ליפען נישט אַוועקגענומען פון איהרע ליפען, און עס איז געווען ווי ער וואָלט אויסגעלעבט אין דעם קוס זיין גאַנץ לעבען. און ווידער אין ווידער האָבען זיי זיך צונויפגענאָסען אין זייערע קוסען, און שושנה האָט געלאַכט מיט איהר העלסטען לאַכען. און פלוצלונג האָט זי פערוואָרפען איהר קאָפּ און אויפ־געהויבען צו איהם איהר בליק פול מיט חן, און שטיפעריש און זעליג־זיס איז געווען איהר שטימע: „און וואָס וואָלט זרבבל געטאָן, ווען שושנה וואָלט אַוועק צום קעניג אחשורש?“

אַ ציטער האָט געטאָן זרבבל מיט'ן גאַנצען קערפּער און צוגעמאַכט זיינע אויגען. באַלד האָט ער זיי אויפגעעפענט און פינסטער איז געוואָרען זיין בליק, און ער האָט זי פעסט אַרומגענומען ווי צו שיצען זי, אַז קיינער זאָל זי נישט אַוועקנעמען, און זיין אָטעם איז געוועזען שווער, און ער האָט געזאָגט, און זיין שטימע איז געוועזען האַרט: „איך קען אַ גרויסען פעלזען, הויך איבער אַ טיעפען אָבגרונד. אויף איהם וואָלט זרבבל אַרויפגעקלעטערט און דאָרטען אויבען וואָלט ער אויסגעשריען זיין אונענדליכען וועהטאָג. און אין שטויב וואָלט צופאַלען דער פעלזען פון זיין אויפשריי און וואָלט פערשווינדען אין דעם אָבגרונד מיט זרבבל'ן."

און שושנה האָט געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפער, בלייך איז געוואָרען איהר געזיכט און איהרע ליפען האָבען זיך קוים בעוועגט: „זיי מוחל מיר, וואָס איך האָב דאָס געזאָגט." און זרבבל האָט זי צוגעדריקט צו זיך מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין ליידענשאַפט, און זיינע אויגען האָבען געברענט, און ער האָט אַרויפגעדריקט אויף איהר זיין פייערדיגען קוס: „מיינע ביזט דו, אַליין און איינציג, אין אַלע אייביגקייטען!"

## ב.

נאָך דער דאָזיגער געשיכטע האָט דער קעניג אחשורש אויסגעקליבען זיך פאַר אַ ווייב אסתר, דאָס שוועסטערקינד און די אָנגענומענע טאָכטער פון דעם איד מרדכי, דעם זוהן פון יאיר. און המן דער זוהן פון המדתא, דער אגגי, האָט אויסגענומען ביים קעניג אחשורש און זיין שטול איז געטאָן געוואָרען איבער אַלע מיניסטאָרען. און אַלע, וועלכע האָבען געדיענט אין דעם קעניג׳ס הויף, האָבען זיך געבויגט און געבוקט פאַר איהם, נור דער איד מרדכי נישט. און דאָס האָט פערדראָסען דעם זוהן פון המדתא, און זיין האַרץ איז פול געוואָרען מיט צאָרן. אָבער עס איז איהם נישט אָנגעשטאַנען נקמה צו נעמען אין מרדכי׳ן אַליין. זיין כעס איז געוועזען ווי אַ ים, וועלכער גיסט זיך אַריבער איבער זיינע ברעגען, און אין איהם האָט ער געוואָלט פערטרינקען און אומ־ברייגנען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק. דאַן איז ער געקומען פאַר דעם קעניג און האָט אויסגעבעטען ביי איהם די ערלויבניס צו פערניכטען די אידען. געלד האָט ער איהם אָנגעבאָטען, צעהן טויזענד צענטנער זילבער, און מיט גלאַטע ווערטער האָט ער גערעדט. „פאַראַן אַ פאָלק, צוזייט און צושפּרייט צווישען די פעלקער אין אַלע מדינות פון דיין קעניגרייך, און זייערע געזעצען זיינען פערשידענע פון די געזעצען פון יעדעם אַנדערן פאָלק, און די געזעצען פון דעם קעניג היטען זיי נישט אָב, און דעם קעניג לוינט זיך נישט צו לאָזען זיי אַזוי ווייטער.“ גיפט איז עס געוועזען אין די אויערן פון דעם קעניג, גיפט אין זיין האַרצען, און ער האָט זיך אָבגעזאָגט אַפילו פון דעם געלד. ער האָט אַראָבגענומען פון זיך זיין רינג און איבערגעגעבען איהם צו דעם אגגי, צו טאָן מיט די אידען, ווי זיין האַרץ געלוסט. און המן האָט פערנאַנדערגעשיקט אַ בעפעהל אין דעם קעניגס נאָמען, געשטעמפּעלט מיט דעם קעניגס רינג, אין אַלע הונדערט און זיעבען און צוואַנציג מדינות פון דעם קעניג אחשורש, אויסצוהרג׳ענען און צו פערניכטען און צו פערטיליגען אַלע אידען, יונג און אַלט, קינדער און פרויען, אין איין טאָג, דעם דריי־צעהנטען פון דעם צוועלפטען חדש, דאָס איז דער חדש אדר.

און די אידען האָבען זיך דערוואוסט פון אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרען, און אַ גרויסע אימה איז אָנגעפאַלען אויף זיי, אונענדליך איז געוועזען זייער שרעק. זיי האָבען אויפגעהויבען אַ געשריי, אַ גרויסען און ביטערען, די קליידער אויף זיך צוריסען, און אין זעק זיך אָנגעטאָן און מיט אש בעדעקט די קעפּ. זיי האָבען גענוכט נאָך עצות און

נישט געפונען זיי. ווער וועט זיי אָבראַטעווען פון דעם זיכערען טויט? וואו זאָלען זיי זיך קערען און וואוהין זאָלען זיי זיך ווענדען, וואו זאָלען זיי זיך בעהאַלטען און וואוהין זאָלען זיי ענטלויפען? און אין זייער גרויסען אונגליק האָבען זיי אויפגעהויבען זייערע אויגען צו דער קעניגין. אסתר מוז העלפען, די אידישע טאָכטער אויף דעם קעניגליכען טראָן. און מרדכי, איהר שוועסטערקינד, האָט זיך געווענדט צו איהר, זי זאָל קומען פאַר'ן קעניג און בעטען איהם פאַר איהר פאָלק. ניט ענטשליעסען האָט זיך געקאָנט אסתר, ווייל ווער עס קומט פאַר דעם קעניג נישט גערופענערהייט מוז געטויט ווערען, און זי איז נישט גערופען געוואָרען שוין דרייסיג טעג. שאַרפע ווערטער האָט איהר אָנגעזאָגט מרדכי: „דו זאָלסט נישט מיינען, אַז דו פון אַלע אידען וועסט געראַטעוועט ווערען, ווייל דו ביזט אין קעניגליכען הויז. דען ווען דו וועסט אין דער יעצטיגער צייט שווייגען, וועט הילף און רעטונג קומען צו די אידען פון אן אַנדער אָרט, און דו און דיין גאַנצע משפחה וועט פערלאָרען געהן; און ווער וויס, צו ביזט דו נישט געקומען צו מלוכה נאָר צוליעב דער צייט.“ און אסתר האָט געלאָזען ענטפערן צו מרדכי'ן: „געה און זאַמעל צונויף אַלע אידען, וועלכע געפינען זיך אין שושן און פאַסט פאַר מיר און איהר זאָלט נישט עסען און נישט טרינקען דריי טעג, טאָג און נאַכט, אויך איך מיט מיינע מיידלעך וועלען אַזוי פאַסטען. און דאַן וועל איך קומען פאַר'ן קעניג נישט נאָך דעם געזעץ, און בין איך פערלאָרען, דאַן בין איך פערלאָרען.“ און מרדכי איז געבאַנגען און האָט געטאָן ווי אסתר האָט איהם אָנגעזאָגט. און די אידען האָבען זיך פערקליבען אין זייער זאַמעל־הויז אין שושן, און געוויינט און געפאַסט און געיאָמערט און געהאָפט אויף אסתר'ן. און עס איז געוועזען, אַז ווען איינער האָט אויפגעעפענט די טיר און איז אַריינגעקומען, האָט מען איהם בעגעגענט מיט פון טרערען פערשטיקטע שטימען: וואָס זאָגט אסתר? וואָס טוט אסתר? וואָס הערט זיך פון אסתר'ן?

ג.

און זרבבל, ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון המן׳ס גזרה, האָט זיינע קליידער נישט צוריסען און זיין קאָפּ מיט אַש נישט בעדעקט. זיינע לאָקען האָבען זיך נאָך מוטיגער צוואוואָרפען אויף זיין נאַקען און זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט אַ ווילדען כעס. זיינע הענד האָבען זיך צונויפגעדריקט אין אייזערנע פויסטען און ער האָט זיי געטרייסעלט אין דער לופטען ווי די פליגלען פון אַן אדלער, און ער האָט אויפגעהויבען זיין שטימע, און זי איז געווען ווי די שטימע פון אַ דונער: „אָה, זיי וועלען חרטה האָבען! אַ צוזאַמענגעלאָפענער הויפען איז זיי דאָס אידישע פאָלק, לייכט צו פערניכטען און צו פערטילגען, אַ רעכטלאָזע מאַסע, מיט וועלכער יעדער קאָן טאָן, וואָס ער וויל. אָבער זיי וועלען זעהען, אַז עס איז ניט אַזוי, ווי זיי האָבען זיך פאָרגע־שטעלט. צו טייער וועלען זיי בעצאָלען פאַר יעדעס אידישע לעבען, און אונזער אונ־טערגאַנג וועט זיין זייער גרעסטער בראָך. זיי וועלען חרטה האָבען! זיי וועלען חרטה האָבען!“

און ווי ער האָט אַזוי גערעדט מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט פויסטען, צו שטאָל און אייזען געוואָרענע, איז אָנגעקומען אַ שליח און האָט איהם איבערגעבראַכט דאָס געשפרעך צווישען מרדכי׳ן און אסתר׳ן און גערופען איהם אין דאָס זאַמעלהויז, וואו אַלע אידען האָבען זיך אָנגעהויבען צו פערקלייבען צו פאַסטען פאַר אסתר׳ן דריי טעג און דריי נעכט. זרבבל׳ס אויגען האָבען אויפגעפלאַקערט מיט אַ גרימצאָרן און ער האָט געזאָגט צום שליח: „געה זאָג צו דעם, ווער עס האָט דיך גע־שיקט, אַז דאָס שיקזאַל פון אַ פאָלק קאָן נישט אָבהייגגען פון אַ פרוי און פון דעם, ווי ווייט זי קאָן געפעלען איהר מאַן. געה זאָג איהם, אַז נישט צו פאַסטען איז יעצט די צייט און נישט צו וויינען. מיט געוועהר אין די הענד וויל מען די אידען פערניכטען, מיט געוועהר אין די הענד דאַרפען די אידען שטעהן פאַר זיך.“ און צו די, וואָס אַרום איהם, האָט ער זיך געווענדט: „איהר האָט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט, געהט און טראָגט עס פערנאַנדער אין פאָלק, אַז אַזוי האָט געזאָגט זרבבל דער זוהן פון שאלתיאל דער זוהן פון יהויכין קעניג אין ירושלים: זאָל מען זיך צונויפקלייבען אין דאָס זאַמעל־הויז, אויב מען וויל, אָבער נישט אויף צו פאַסטען און צו וויינען, נור אויף אָבצוקלערען, ווי צו פערטיידיגען זיך.“ אָבער די, וואָס אַרום איהם, האָבען איהם נישט גערן געפאָלגט,

און איינער האָט געזאָגט: „זאָל מען אָבוואַרטען און זעהן, וואָס וועט זיין מיט אסתּר׳ן“. און זרבבל איז רויט געוואָרען פאַר כּעס און האָט אויסגעשריען צו דעם זאָגער: „מען זעהט אין דיר, אַז דו ביזט דער זוהן פון אַ דיענסט און דיין נשמה איז די נשמה פון אַ געבאָרענעם קנעכט. געה פון מיינע אויגען און לאָז זיך נישט מעהר זעהן!“ און זיינע שלוחים זיינען אַוועקגעגאַנגען פון איהם, פערנאַנדערצוטראָגען זיינע ווערטער אין דעם פאָלק, אָבער מיט אַקסעלצוקען און מיט אַ פערבאָרגענעם לאַכען. און זרבבל איז אויפגעשטאַנען און איז אַליין אַוועק צום זאַמעלהויז, צו רופען די אידען צום קאַמפף און צו זעלבסטפערטיידיגונג. אויפ׳ן וועג צום זאַמעלהויז האָט ער בעזוכט אַ סך הייזער. אָבער אין דאָס רוב הייזער האָט ער געפונען בלויז פרויען און קינדער אָדער קראַנקע און אַלטע, וועלכע האָבען פאַר עלטער ניט געקאָנט ריהרען זייערע פיס. וואָרום אַלע מענער, יונגע און אַלטע, וועלכע האָבען נאָר געהאַט קראַפט אין זייערע לענדען, זיינען געוועזען פערקליעבען אין דעם זאַמעלהויז. און אומעדום, וואו ער איז נאָר אַריינגעקומען, האָט ער געפונען טרערען און פערצווייפלונג, זעק אויף די לייבער און אַש אויף די קעפּ. און אומעדום האָט מען איהם מיט יאָמער צוגעשטאַמעלט: וואָס טוט אסתּר? צו וויים ער נישט עפּעס פון אסתּר׳ן? צו האָט אפשר דער קעניג ניט בעטוט שטעלט צו זיך אסתּר׳ן? און אַז ער האָט אָנגעהויבען צו רעדען וועגען קאַמפף און זעלבסטפערטיידיגונג, האָט מען איהם אָנגעקוקט, וויער וואָלט גערעדט אן אונבעקאַנטע שפּראַך. און אַ זעהר אַלטער מאַן האָט איהם געזאָגט מיט קוים בעוועגליכע ליפּען און אַ שוואַכער שטימע: „וועגען קאַמפף רעדסט דו און זעלבסטפערטיידיגונג. יונגער מענש, איך האָב נאָך געקאָנט דיין זיידע יהויכין און דיין עלטערפעטער צדקיה. די האָבען זיך אויך געריסען אין קאַמפף און אויפגעהויבען זייער קאָפּ געגען נבוכדנצר, און דער סוף איז געוועזען אונזער גלות. ניין, יונגער מענש, רוף נישט צו קאַמפף און זעלבסטפערטיידיגונג. פאַסטען דאַרף מען, נאָר פאַסטען, און אסתּר המלכּה וועט אונז שוין אַרויסהעלפען“. און זרבבל האָט בעגריפען, אַז דעם אַלטענס רייד זיינען דעם גאַנצען פאָלקס רייד און ער איז אַוועק צום זאַמעלהויז מיט איין אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ און לאַנגזאַמע טריט.

## ד.

אין דער טיר פון דעם זאַמעלהויז איז זרבבל געבליבען שטעהן און האָט בע־קוקט די גרויסע עדה. און ווען ער האָט דערזעהן די מענער מיט די פערוויינטע אויגען און מיט די הענד אויפ׳ן קאָפּ, האָבען זיינע אויגען געשאָסען מיט בליצען, און זיינע דינע ליפּען זיינען וויים געוואָרען פאַר כּעס און פעראַכטונג. און עס האָבען איהם אַרומגערינגעלט די פערזאַמעלטע, די אַלטע פאָראויס און הינטער זיי די יונגע:

„וואָס האָסט דו אונז געבראַכט, זרבבל?“ האָבען איהם די אַלטע געפרעגט, „עפען אויף דיינע ליפּען און זאָג אונז, וועלכע נייס, און וואָס הערט זיך און וואָס ווייסט דו פון אסתּר׳ן?“

אָבער דאָס איז געוועזען צו זיין כּעס, ווי בוימאויל צו אַ פייער, און ער האָט אויפגעטאָן זיין מויל צו רעדען שאַרפע ווערטער: „וואָס פרעגט איהר מיך וועגען אסתּר׳ן? וואָס ווילט איהר, איהר גרויבערדיגע, פון דער פרוי? און וואָס זאָל איך אייך זאָגען וועגען איהר — בין איך דען איהר געליעבטער און איך זאָל אייך אויסדערצעהלען איהרע שיינהייטען, די זיסקייט פון איהר קערפּער און ווי רייצענד זי איז אין דער ליעבע?“

ערשטוינט האָבען איהם אָנגעקוקט די פערזאַמעלטע, און די אַלטע האָבען איהם ווידער געזאָגט: „וואָס איז מיט דיר, זרבבל, און וואָס האָסט דו דען אויף דיין האַר־צען? אין כּעס ביזט דו און רעדסט צו אונז אַזוינע האַרבע ווערטער. אָדער ווייסט דו נישט, וואָס עס איז געשעהן? אַז אַ גרויס אומגליק שטעהט פאָר די אידען, די פאָל־שטענדיגע פערניכטונג? און ווער קאָן אונז העלפען, אויב נישט די קעניגין אסתּר? אָדער ווייסט דו אַן אַנדער הילף? זאָג אונז, און מיר וועלען הערען.“

און זרבבל האָט זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער גרויס, זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען, און פון שטאָל און אייזען איז געוועזען זיין שטימע: „יאָ, איך קען איין אַנדער הילף, און איך בין געקומען זי אייך צו זאָגען. אין אייך ליעגט זי, אין אייער מוט און אין אייערע אָרמס!“

מיט אָפענע מיילער פאַר פערוואונדערונג און ערשטוינונג זיינען די פערזאַמעלטע געבליבען שטעהן, און זרבבל האָט ווייטער גערעדט, און זיין שטימע איז געוועזען פול וואַרמקייט: „וואָס קוקט איהר מיך אַזוי אָן? אָדער פערשטעהט איהר נישט, וואָס איך

האָב געמיינט? אין אייך אַליין ליעגט אייער הילף, אין אייער מוט און אין אייערע אָרמס. וואָס האָט איהר אייך אַזוי פערלאָרען? און פאַר וואָס האָט איהר אייך בעדעקט מיט אַש, און אייער פאַסטען צו וואָס? איהר שוואַכט אָב אייער קערפּער און ווילט לייכטער מאַכען אייערע פיינד זייער אַרבייט? און איך זאָג אייך, בעוואַפענט אייך בעסער. גורט אָן אייערע לענדען און קרעפטיגט אייערע מוסקולען. אָנשטאָט צו פערברעכען די הענד אויפ'ן קאָפּ אין פערצווייפלונג, לערנט זיי צו פיהרען אַ שווערד, און אַנשטאָט צו בלענדען אייערע אויגען מיט טרערען, לערנט זיי צו ציעלען מיט אַ פייל. נישט ווי די שעפסען, וועלכע ווערען לייכט געטריבען צו דער שחיטה, נאָר ווי די לייבען זאָלט איהר זיין, וועלכע טרעטען אַרויס געגען זייערע יעגער. אַ שפּיעל איז עס אין די הענד פון יעדען איינציגען צו כאַפּען אַ שעפּס און קוילען עס, אָבער עס ציטערט דאָס האַרץ פון דעם לייבעניעגער און איינער פון טויזענד קאָן עס זיין. איהר זיצט און וויינט און פאַסט און פייניגט אייך, און אונזערע פיינד וועלען שפּאָטען און לאַכען. מיר דאַרפען אונזערע שווערדען ניט שאַרפען, וועלען זיי זאָגען, און מיט אונזערע הונדבייטשען וועלען מיר אַוועקלעגען טויט די פערהונגערטע און דערשראָקענע אידען. און זיי וועלען לויבען המן'ען פאַר די ערלויבנים, וועלכע ער האָט בעקומען פון דעם קעניג, און פרעהען זיך שוין אין פאָראויס אויף דאָס אידישע אייגענטום, וואָס וועט זיי אַזוי לייכט אָנקומען. אָבער ווען זיי וועלען וויסען, אַז מיט גבורה וועט איהר זיי בעגעגנען און מיט מוט, אַז אייערע הענד זיינען געלערנט צו פיהרען דאָס שווערד און אייערע אויגען צו ציעלען מיט אַ פייל, מיט כבוד וועלען זיי אויף אייך קוקען און מיט רעספּעקט. נישט לאַכען און שפּאָטען וועלען זיי, נאָר גוט זיך איבערלעגען. און זיי וועלען זאָגען, מיר האָבען די ערלויבנים פון המן'ען, אָבער ווער וועט ערנעהרען אונזערע אַלמנות און יתומים, ווען מיר וועלען פאַלען פון די אידישע הענד".

און ווען ער האָט אַזוי גערעדט און נאָך מעהר, האָבען געשאָקעלט זייערע קעפּ די אַלטע, און די יונגע האָבען געקוקט צו דער ערד אין אַ פערלעגענהייט. און ענדליך האָבען די אַלטע נישט אויסגעהאַלטען און איבערגעריסען איהם אין זיינע רעד. און עס האָבען איהם געזאָגט די אַלטע: „יונג אין יאָהרען ביזט דו, זרבבל, און נאָך דיינע יאָהרען נאָך אַזוי רעדסט דו."

אָבער זרבבל איז זיי אַריינגעפאַלען אין די רעד און זיין שטימע איז געוועזען פול מיט פעראַכטונג: „יונג אין יאָהרען בין איך! ווי האָב איך נישט געזעהן, אַז דאָס וועט זיין אייער ענטפער! יונג אין יאָהרען בין איך! אָבער וואָס טויגען אייך אייערע ווייסע האָר, ווען איהר ווייסט אייך קיין עצה נישט און היינגט אייך אָן דעם אונטערקלייד פון אַ פרוי? יונג אין יאָהרען בין איך! אָבער יונג אין יאָהרען און נאָך איינגער איז געוועזען מיין זיידע דוד און ער האָט דאָך אַרויסגעהאָלפען דאָס פאָלק ישראל פון גלית'ן. אַזוי ווי איהר יעצט, זיינען דאַמאָלס אויך געשטאַנען אייערע מענער אין פערצווייפלונג. דערשראָקען זיינען זיי געוועזען און פערציטערט און האָבען ניט געוואוסט ווי צו העלפען זיך. דאַן איז געקומען דער יונגער דוד און האָט געבראַכט זיי די רעטונג. יונג אין

יאָהרען, אָבער ער האָט געוואוסט, אַז אַ קליין שטיינדעל, גוט געצילט און גוט גע־טראָפען, איז שטאַרקער פון תעניתים, מעכטיגער פאַר טרערען. דערפאַר זאָג איך אייך, וואָס צעהלט איהר מיר די יאָהרען, זעהט, איך ברייננ אייך די רעטונג. זייט נישט ווי די ווייבער, די וויינערקעס, וועלכע וויינען ביי אַליץ, וואָס עס מאַכט זיך מיט זיי. מענער זייט, וועלכע פיהלען די קראַפט פון זייערע אָרמס און די מאַכט פון זייערע לענדען. קומט און לאָמיר אויסרופען אַן אויסרוף אין די גאַסען: „געקויפט האָט המן דאָס אידישע פאָלק און איבערגעגעבען עס צו פערניכטונג, אָבער נישט אַ חפץ איז דאָס אידישע פאָלק, וואָס קען געקויפט און פערקויפט ווערען, און נישט לייכט וועט זיך איינגעבען זיין פערניכטונג. בעוואַפענט האָבען זיך די אידען און זייערע ארמס ווערען געלערנט צום קאַמפף. און עס וועט זיין, אַז עס וועלען קומען זייערע פיינד צו פער־ניכטען זיי און צו פערטיליגען, וועלען זיי שטעהן פאַר זייערע לעבענס, ווי די ליי־בינטעס פאַר זייערע קינדער, און יעדער געפאַלענער איד וועט צווערשט אַוועקשיקען אין טויט צעהן פון זיינע געגנער." קומט און לאָמיר אויסרופען דעם אויסרוף און איהר וועט זעהן, ווי לייכגער עס וועלען ווערען די פנים׳ער פון אונזערע געגנער און ווי אָבהענדיג זיי וועלען ווערען. ווארפט אַראָב, זאָג איך אייך, די זעק, שיט אַראָב פון אייך די אַש און גלייכט אויס אייערע פלייצעס. גורט אָן אייערע לענדען און נעמט שווערדען דאָ־פעלשניידיגע אין אייערע הענד. און איהר וועט זעהן, אַז די ישועה וועט צו אייך קומען, און אייער ברכה וועט פאַלען אויף זרבבל׳ן."

זיין געזיכט האָט געפלאַקערט און מיט אַ פיהרער־אויג האָט ער בעטראַכט די פערזאַמעלטע. אָבער אַלע אויגען זיינען געווען אָבגעווענדט פון איהם, און די אַלטע האָבען געשאָקעלט מיט די קעפּ. און אַז די טיר האָט זיך גראָד אויפגעעפענט און מרדכי איז אַריינגעקומען, האָבען זיך אַלע אַ לאָז געטאָן צו דעם ניי־אָנגעקומענעם און אַרומגערינגעלט איהם און פערשאָטען איהם מיט זייערע פראַגען: וואָס זאָגט אסתּר? וואָס טוט אסתּר? וואָס הערט זיך פון אסתּר׳ן?

ה.

און מרדכי, דער זוהן פון יאיר, איז געוועזען אָנגעטאָן אין אַ זאַק און בעדעקט מיט אַש. זיין שטערן איז געוועזען דורכגעשניטען מיט טיעפע קנייטשען און זיינע אויגען זיינען געוועזען פערזאָרגט, און עס איז געוועזען צו זעהען, אַז פיעלע געדאַנקען בעדריקען זיין מח. און ער האָט אויפגעטאָן זיין מויל און געענטפערט צו די פרעגער: „גאָר נישט הערט מען פון אסתר׳ן. און וואָס ווילט איהר דען פון איהר הערען? ווייסט איהר דען נישט, אַז דריי טעג האָט זי זיך אויסגעבעטען, און היינט איז ערסט דער ערסטער?“

און אַלע פערזאַמעלטע האָבען אַראָבגעלאָזען אין טרויער זייערע קעפּ, און גע־ווישט זיך די אויגען. און אַז מרדכי האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף אַ זיצבאַנק מיט אַ שווערען זיפץ, האָבען זיפצען און קרעכצען פון אַלע הערצער אָנגעפילט דאָס גאַנצע הויז.

און זרבבל איז געשטאַנען אַליין, און קיינער האָט זיך אויף איהם נישט אומ־געקוקט. ביטער איז איהם געוועזען אויף׳ן הארצען צום אויפשרייען, און מיט זיינע פויסטען וואָלט ער געשלאָגען רעכטס און לינקס, און ער האָט בעפרייט זיין געמיט מיט אַ ווילדען לאַכען. אַלע אויגען האָבען זיך אויפגעהויבען אויף איהם אין פער־וואונדערונג און מרדכי האָט געזאָגט: „זרבבל, אויסגעפוצט אין זיינע שיינע קליידער, לאַכט מיט אַזאַ בייסענדען געלעכטער — וואָס איז מיט איהם דאָס מער?“

און די אַלע, וואָס אַרום מרדכי׳ן, האָבען זיך פערנאַנדערגערוקט, ווי צו געבען זרבבל׳ן אַ וועג, ער זאָל קאָנען צוגעהן צו מרדכי׳ן. אָבער זרבבל איז געבליבען שטעהן אויף זיין אָרט, און פול מיט פעראַכטונג און ביטערקייט האָט ער אויסגערופען: „זאָגט איהם, וואָס מיט מיר איז דאָס מער!“ און אין קורצע ווערטער האָבען זיי איבערגעגעבען מרדכי׳ן זרבבל׳ס רייד. אַז ער רופט צום קאַמפּף דאָס פאָלק, האָבען זיי דערצעהלט, און עצה׳ט נישט צו פערלאָזען זיך אויף אסתר׳ן.

און מרדכי האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו זרבבל׳ן, און זיי האָבען זיך איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט, ווי צוויי פיינדליכע קעמפּפער, וועלכע מעסטען זיך מיט זייערע כחות. און דאַן האָט מרדכי געזאָגט און ער האָט געצויגען יעדעס וואָרט: „אין יעדער

צייט זיינען פאַראַן מענשען, וועלכע מיינען, אַז די לייכטסטע זאַך דורכצופירען אַ וואַנד איז מיט'ן קאָפּ."

און זרבבל האָט אָפּגעענטפערט מיט עקעל און שפּאָט: „אָבער נישט יעדע צייט האָט דאָס אונגליק צו האָבען אַ פיהרער מיט דעם מוט פון אַ שוואַכע אידענע, וועלכע קאָן נאָר אויפהויבען די הענד אויפ'ן קאָפּ און ביטער שרייען!"

און די פערזאַמעלטע האָבען אַריבערגעטראָגען זייערע בליקען פון מרדכי'ן אויף זרבבל'ן און פון זרבבל'ן אויף מרדכי'ן. עס איז געוועזען, ווי צווי קעמפפער וואָלטען אַרויסגעטראָטען פאַר זיי צו ראַנגלען זיך און אומצואוואַרפען איינער דעם אַנדערן. און זיי האָבען זיך אין גאַנצען פערטיעפט אין דעם, וואָס דאַרף פּאָרקומען פאַר זיי, און האָבען זייער גרויס אונגליק פערגעסען. אָבער דאָך האָבען זיי זיך אַלע ענגער אַרומ־געקליבען אַרום מרדכי'ן, און עס איז געוועזען, גלייך זיי וואָלטען געוואַרט פון איהם אויף שוץ געגען זרבבל'ן.

און מרדכי האָט געפיהלט, אַז אַלע זיינען מיט איהם און קיינער איז נישט מיט זרבבל'ן, און ער האָט געזאָגט די שטעכעדיגע ווערטער: „בעסער אַ שוואַכע אידענע אַלס פיהרערין ווי אַ משוגענער, וועלכער רייסט זיך אויף גלייכע ווענד. די שוואַכסטע אידענע קאָן פערהיטען פון אַן אונגליק, אָבער דער קלענסטער משוגענער קאָן אָנ־ברייגען די שווערסטע אונגליקען. נישט בעליידיגען וויל איך דיך, זרבבל, אָבער דאָס, וואָס דו ראָטסט, איז משוגעת."

ביטער אויסגערופען האָט זרבבל: „וועה צו אַ פאָלק, וועלכען מען פּרעדיגט, אַז זעלבסטפערטיידיגונג איז משוגעת, און נאָך מעהר וועה צו אַ פאָלק, ביי וועלכען אַזאַ פּרעדיג געפינט אָפענע אויערן. טויטע ביינער איז אַזאַ פאָלק, פון וועלכע יעדער סימן פון לעבען איז אַרויסגעפלויגען."

מרדכי איז איהם אַריינגעפאַלען אין די רייד און זיין קול איז געוועזען רוהיג און זיכער: „ווער זאָגט, אַז זעלבסטפערטיידיגונג איז משוגעת? בין איך דען נישט פאַר זעלבסטפערטיידיגונג? וויל איך דען, אַז מיר זאָלען אונז אַליין אויסמאָרדען נאָך איידער אונזערע פיינד וועלען אונז בעפאַלען? וויל איך דען, מיר זאָלען אויפהערען צו זיין? וויל איך דען נישט אָבראַטעווען אונזער פאָלק? אונזער פאָלק זאָל זיך פערטיידיגען, אָבער די וועגען צו זעלבסטפערטיידיגונג זיינען פערשידען, און דיין וועג, זרבבל, איז משוגעת."

און זרבבל איז געשטאַנען און האָט געקוקט אויף מרדכי, ווי ער וואָלט איהם נישט פערשטאַנען, און געפרעגט אין גרויסער פערוואונדערונג, און זיין שטימע האָט גע־ציטערט: „ווי לאַנג הייסט זעלבסטפערטיידיגונג פון אַ פאָלק דאָס שיינע געזיכט פון אַ יונגער פרוי? איז אסתר'ס לייב אונזער זעלבסטפערטיידיגונג?"

און ווייטער האָט מרדכי רוהיג און זיכער געזאָגט: „דו רופסט אונז זעלבסט־פערטיידיגונג נאָר די קראַפט פון די אָרמס, און איך רוף זעלבסטפערטיידיגונג אויך די

קראַפט פון שיינהייט און די קראַפט פון געלד. דו ביזט יונג, זרבבל, און דו ווייסט זיכער די קראַפט פון שיינהייט, זאָג, איז זי נישט דער זיכערסטער וועג? דעם קעניג׳ס האַרץ קאָן אונז געקויפט ווערען דורך שיינהייט, און אסתר מוז עס טאָן. איז אסתר דען נישט מיין פעטער׳ס טאָכטער? איז זי מיר אַליין דען נישט געוועזען ווי אַ טאָכטער? איז זי דען נישט אונזער אַלעמענס פלייש און בלוט? און דאָך האָבען מיר איהר אָנגעזאָגט, זי זאָל איינשטעלען איהר לעבען און געהן צום קעניג ניט גערופענערהייט. און ווען איהר שיינהייט וועט דעם קעניג נישט ריהרען און זי וועט אומקומען, וועלען מיר אויסקלייבען נאָך אַ שענערע אידישע טאָכטער. און ווען מיר זאָלען דאַרפען מקריב זיין אַלע אונזערע שיינע טעכטער און שוועסטער און פרויען, אַ גרויסער וועהטאָג וועט עס אונז זיין און שווער וועט עס אונז פאַלען, אָבער טאָן וועלען מיר עס. איז עס דען נישט זעלבסטפערטיידיגונג? און ווען אונזער שיינהייט וועט נישט העלפען, וועלען מיר אונז פערטיידיגען מיט אונזער געלד, מיט אונזער האָב און גוּטס. המן האָט אונז געקויפט מיט צעהן טויזענד צענטנער זילבער, וועלען מיר אונז אָבקויפען מיט צוואַנציג, מיט דרייסיג און מיט פיערציג. פון אייביג אָן זיינען דאָס געוועזען די זיכערסטע מיטלען צו זעלבסטפערטיידיגונג. איז יעקב אבינו נישט ניצול געוואָרען פון זיין ברודער עשו דורך זיין האָב און גוּטס? האָט זיך נישט דער קעניג אָסאָ דיין עלטער-עלטער-זיידע אָבגעראַטעוועט פון בעשא מלך ישראל דורך אָבקויפען בן הדד דעם קעניג פון ארם? און האָט אונז יהודית נישט אַרויסגעהאָלפען מיט איהר שיינהייט פון האָלאָפערנוס׳ן? אָבער דיין זעלבסטפערטיידיגונג איז זעלבסטפערניכטונג. קליין און ווינציג זיינען מיר צווישען די פעלקער אין די הונדערט און זיבען און צוואַנציג מדינות. ווער וועט מורא האָבען פאַר אונזער געווער? ווער וועט זיך אויסמאַכען פון דער קראַפט פון אונזערע אָרמס? און עס וועט נאָך זיין, אַז דער קעניג וועט דערהערען, אַז די אידען בעוואַפנען זיך, וועט ער נאָך אַרויפשיקען אויף אונז זיין שטאַרקען חיל, דעם צו מלחמה געלערנטען, און פון אונזער גאַנצען פאָלק וועט נישט בלייבען קיין שריד ופליט. געפעלט דאָס דיר אַזוי, זרבבל?“

אָבער זרבבל האָט אויסגעשריען הויך און ביטער: „שאַם און שאַנד איבער דיך און איבער אַלע, וועלכע געהען מיט דיר! שאַם און שאַנד איבער דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, וואָס זעהט אין געלד זיין הילף און אין די שיינע לייבער פון זיינע טעכטער זיין זעלבסטפערטיידיגונג! יעצט וועל איך צעררייסען מיינע קליידער און וועל אָנטאָן אַ זאַק און בעדעקען מיין קאָפּ מיט אַש! יעצט וועל איך וויינען און קלאָגען מיין ביטערסטען קלאָג! טויט איז מיין פאָלק, אַ צופוילטע נבלה איז מיין פאָלק. אַ פּלאַץ איז עס נור פאַר זונים, פאַר קריכער און פויזער, און אַלע לעבעדיגע גייסטער האָבען עס פערלאָזען. וואו נעם איך ווערטער, מיין עקעל אויסצודריקען און וואו נעם איך דעם דונער, אויף אויסצודונערן מיין כעס? וואו זיינען דיינע גבורים, יהודה? וואו זיינען דיינע העלדען, ישראל? זעה, ווער דיינע פיהרער זיינען, הער, וואָס זיי לערנען דיך! אין זייער געמיינהייט שטעלען זיי זיך ניט אָב אַפילו פאַר דאָס הייליגסטע, און די עהרע פון דיינע

טעכטער איז בײַ זײ װעניגער װערט, װי דאָס אונגיצליכסטע לעבען! אַלטער לײב, אין אַ הונד בײזט דו פערקערט געװאָרען!"

גאָך לופט האָט זרובבל גערײַנגעלט און עס האָבען איהם װערטער פערפּעהלט. און ער האָט צוריסען אויף זיך זײנע קלײדער, און געריסען זיך די האָר, און געשריען װעה און ביטער. ער האָט געטרײסעלט די הענד אין דער לופט איבער'ן קאָפּ און אַלײן גע'חזר'ט: „שאַם און שאַנד! שאַם און שאַנד!" און ער איז אַרויס פון דעם זאַמעלהויז מיט נישט פעסטע טריט װי אַ שכור.

גאַנץ דערשראָקען און נזדעזע האָבען איהם נאָכגעקוקט די פערזאַמעלטע און קײנעמ'ס מויל האָט זיך נישט אויפגעטאָן אויף צו זאָגען אַ װאָרט. נאָר מרדכי האָט זיס אָבגעשמײכעלט און אַרויסגערעדט די געפליגעלטע װערטער: „צי איז עס דען נישט ריכטיג? עס איז בעסער צו זײן אַ לעבעדיגער הונד אַלס אַ טויטער לײב?"

אָבער די פערזאַמעלטע איז עס געװעזען גלײך װי עמיץ װאָלט זײ פעראונרײניגט און בעשמוצט. און דאָך האָט קײנער נישט געפונען אין זיך דעם מוט אַװעקצוגעהן נאָך זרובבל'ן.

## ו.

און זרבבל איז אַוועק צו שושנה׳ן, אויסצורעדען פאַר איהר זיין האַרץ און אויסצושרייען זיין כעס. מיט שנעלע טריט איז ער געגאַנגען, האָט נישט געקוקט רעכטס און לינקס, און שווער געקרעכצט: „וועה צו דער בושה! וועה צו דער חרפה!“ מיט רעש האָט ער אויפגעעפענט די טיר פון שושנה׳ס הויז, און ער האָט געהאַט דאָס געפיהל, אַז ער וועט זיך אַרויפוואַרפען אויף שושנה׳ס ברוסט און אויסיאָמערן זיין גרויסען בראָך. אויף זיין פאָלק, וואָס ער האָט פערלאָרען, וועט ער וויינען, אויף די אַכטונג צו אידם און דעם גלויבען אין איהם, וועלכע זיינען אַוועק און וועלען זיך קיינמאָל נישט אומקערען מעהר. אָבער ווען ער האָט דערזעהן שושנה׳ן, איז ער געבליעבען שטעהן ווי צוגעשמידט, און זיין מויל האָט נישט געקאָנט אַרויסברייננגען קיין טאָן. אין אַ זאַק איז שושנה געוועזען אָנגעטאָן און בלייך, איהרע אויגען רויט פון פיעל וויינען, און איהר קליינע געשטאַלט האָט אויסגעזעהן נאָך קלענער און ווי איינגעצויגען. און ווען זי האָט דערזעהן דעם אַריינקומענדיגען זרבבל, האָט זי אויסגעבראָכען אין אַ גרויס געוויין, ווי ווען זי וואָלט עס לאַנג איינגעהאַלטען. און דאַן האָט זי געזאָגט, שלינגענדיג די טרערען: „ענדליך ביזט דו דאָ! ענדליך ביזט דו דאָ! — אַז מיט דיר איז וואָס געשעהן, האָב איך געגלויבט, און איך האָב געשיקט נאָך דיר, און מיינע שלוחים האָבען דיך ניט געקאָנט געפינען. אָבער זיי האָבען מיר געבראַכט די ידיעה, אַז געזונד ביזט דו און גאַנץ און דו לויפסט אַרום אין פאָלק און פאָרדערסט עס אויף צו אַ בעוואַפענטען ווידערשטאַנד. איך האָב נישט געוואָלט גלויבען און איך האָב זיי געזאָגט, אַז ליגען האָבען זיי מיר געבראַכט. דאָך מעהר און מעהר זיינען אָנגעקומען צו מיר די דאָזיגע ידיעות און איך האָב געמוזט גלויבען, און פינסטער און טרויעריג איז מיר געוואָרען מיין וועלט. דו בייזער זרבבל, ווי האָסט דו געקאָנט פערגעסען מיך אין אַזאַ שרעקליכע צייט? ווי האָסט דו געקאָנט מיך לאָזען אַליין אין אַ שעה פון געפאַהר? ווייסט דו דען נישט, אַז שרעקעדיג איז דיין שושנה, און ביי דער קלענסטער סכנה פערגעהט איהר געמיט? אָ, איך בין צום שטאַרבען! איך בין צום שטאַרבען!“

ווי פערגליווערט איז זרבבל געשטאַנען, זיינע אויגען האָבען געברענט, ווי אונטער הייסער אַש, זיין בליק איז געוועזען שטרענג און צאָרניג און זיין שטימע שניידענד: „דו ווייסט, וואָס איך האָב געטאָן, און דו קאָנסט צו מיר אַזוי נאָך רעדען? זרבבל איז

געגאַנגען אויפֿפֿאָרדערן דאָס אידישע פֿאָלק צו זעלבסטפֿערטיידיגונג, צו בעוואָפֿענטען ווידערשטאַנד, און זיין שושנה האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ זאַק, גאַנץ פֿערלאָרען פֿאַר שרעק! ביזט דו דאָס שושנה? ביזט דו דאָס מיין ליעבע? איז דיין האַרץ ניט אָנגעפֿילט געוואָרען מיט מוט און האָט עס אין דיר נישט געשריען פֿאַר ענטציקונג, וואָס נישט צווישען די שרעקעדיגע איז זרובבל און נישט צווישען די פֿערצווייפֿעלטע איז זיין פּלאַץ?"

נאָר ביטער געוויינט האָט אַלץ שושנה און אַלץ גע'חזר'ט: „אָ, איך בין צום שטאַרבען! איך בין צום שטאַרבען!"

זיין קאָפּ האָט זרובבל געשאָקעלט און ביטער געשמייכעלט: „איך האָב גע־מיינט אַ טרייסט וועל איך געפֿינען ביי דיר, אַ רפֿואה צו מיין אָנגעווייטאָגטען האַרצען. שושנה וועט מיך פֿערשטעהן און וועט זיין מיט מיר, האָב איך געטראַכט, און זי וועט מיך קרעפֿטיגען. אָבער וועה צו מיין עלענד, וואָס איז אַזוי גרויס! מיט טרערען האָט מיך שושנה בעגעגענט, מיט קליינמוטיגקייט און האַרבע אויסרעד. און זי האָט קיין אויערן נישט פֿאַר מיר און קיין האַרץ..."

אָבער שושנה האָט אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ, די ליפּען צוזאַמענגעצויגען אין אַ בייזער מינע און אָנגערוקט געזאָגט: „איך קאָן קיין אויערן נישט האָבען פֿאַר דיר און קיין האַרץ, ווייל וואָס דו ווילסט איז משוגעת, און דו ביזט צו שפּאָט אויף אַלע לעפּצען. אַ פֿאַנטאַזיאָר, זאָגט מען, איז זרובבל און אַ מענש פֿון חלומות. ער וויל, וואָס איז אונמעגליך, און ראָט, וואָס איז געפֿעהרליך. דאָס קליינע אידישע פֿאָלק וויל ער אויפֿהעבען געגען דעם אונצעהליגען פֿיינד און רופֿט עס זעלבסטפֿערטיידיגונג. פֿאַר וואָס ראָט ער נישט בעסער, אַז גרויס און קליין, מענער און פֿרויען, זאָל זיך דאָס אידישע פֿאָלק אַריינוואַרפֿען אין די טייכען און ימים, וועלכע דורכפֿלייצען די הונדערט און זיעבען און צוואַנציג מדינות? אַזוי פֿרעגען אַלע און שאָקלען אויף דיר די קעפּ. זיינען זיי דען נישט גערעכט און זיינען דען זייערע רעד נישט ריכטיג? ווי האָב איך דאָ געקאָנט ענטציקט זיין, און די פֿרייד פֿון וואַנען זאָל זי צו מיר געקומען? ווייל דו האָסט מיך פֿערגעסען, געלאָזען מיך אַליין און ביזט אַוועק נאָך געפֿעהרליכע חלומות?"

דערהערט זיין קול האָט זרובבל און געזאָגט די שאַרפֿע ווערטער: „ווען מיט דערגער וואָלסט דו מיר גערדראָשען מיין לייב און מיט ענדיסען, וואָלסט דו מיר נישט אַזוי וועה געטאָן ווי מיט דיינע רעד. ווען די אַלע שפּאָטער האָבען געלאַכט פֿון מיר, איז מיין האַרץ געוואָרען אָנגעפֿילט מיט כעס און פֿעראַכטונג און איך האָב מיך גע־פֿיהלט שטאַרק אין מיין שנאה. אָבער ווען דו ביזט צוגעשטאַנען צו דעם שפּאָט און צוגעגעבען דיין קול צום געלעכטער, בין איך דער אונגליקליכסטער און דער עלענד־סטער אונטער דעם הימעל. פֿרעמד ביזט דו מיר געוואָרען, שושנה, מיט דיינע רעד האָסטו אויסגעגראָבען אַן אָבגרונד צווישען אונז, און ווען זרובבל האָט פֿערלאָרען שושנה'ן, האָט ער פֿערלאָרען זיין לעבען."

און מיט שרעק אין די אויגען האָט שושנה אויפגעשריען: „אָ, ווי קאָנסט דו אַזוי רעדען?"

און ווי זי האָט איהם אַזוי אָנגעקוקט מיט איהרע דערשראָקענע אויגען און איהרע באַקען האָבען געפלאַמט, איז געריהרט און ווייך געוואָרען זרבבל׳ס האַרץ, און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו איהר מיט ליעבע און ליידענשאַפט, צוגעדריקט זי צו זיך מיט זיין גאַנצען ברען און לאַסקע און געשעפטשעט: „מיין איינציגע, מיין ליעבע, זיי דו מיט זרבבל׳ען, לאַך דו נישט אויס פון מיר, גלויב דו אין מיר. גלויב, אַז נישט משוגע בין איך געוואָרען און נישט קיין מענש פון חלומות. גלויב, אַז צו גרויסע זאַכען בין איך געבאָרען געוואָרען און גרויסע זאַכען וועל איך אויספיהרען. איך וועל אויפנעמען אַ קאַמפף מיט די שפּאָטער און פאָלקס־פערפיהרער און וועל זיי פערניכטען. איך וועל אויסלערנען מיין פאָלק שטאָלץ צו זיין און וועל איהם פיהרען צום זיעג. זיי דו מיר דער ברונען, פון וועלכען איך זאָל שעפּען זאַפט פאַר מיין מאַרך, קראַפט פאַר מיינע אָדערן. גיס מוט אין מיר אַריין און מונטער אויף מיין מידע זעעלע. זאָג מיר, אַז איך בין גערעכט און די, וואָס לאַכען פון מיר, זיינען געשלאָגען מיט בלענדענים. זאָג מיר, אַז דו האָסט אַ טעות געהאַט און נאָר אויף אַ קליינער ווייַלע ביזט דו אָבגעשטאַנען פון דיין זרבבל."

אָבער שושנה האָט געוויינט, דאָס געזיכט בעהאַלטען אין איהרע הענד, און שטיל געמורמעלט: „איך קאָן נישט! איך קאָן נישט!"

מיט גרעסטער ליידענשאַפט האָט זרבבל איבער איהר גערעדט: „זעהסט, זיי ווילען זיך אויסקויפען פון דער סכנה מיט דעם לייב פון אסתר׳ן. זיי שיקען זי, זי זאָל איינשטעלען איהר לעבען און אַליין ווילען זיי יוצא זיין מיט פאַסטען. און ווען אסתר׳ס לייב וועט נישט העלפען, וועלען זיי אָנווענדען געלד, אָדער אַן אַנדער שיינעם ווייבער־לייב, אָדער ביידע זאַכען אין איינעם. זאָג, איז עס נישט העסליך, שושנה? איז עס נישט געמיין און פחדניש? אַלץ שרייט אין מיר גענען דעם, שרייט אין דיר גאָר נישט גענען דעם? מענער זאָלען שיקען אין פאָראויס אַ פרויענלייב! שושנה, איך האָב קיין ווערטער נישט, ווי ניעדערטרעכטיג דאָס איז! פיהלסט דו עס, שושנה? פיהלסט דו דיך נישט, ווי בעשמוצט, דערניעדעריגט, בעשפּייט? שושנה, זעה, ווי עס ציהען זיך אָן מיינע מוסקולען — פיהלסט דו מיין קראַפט? מיינע הענד פיהל איך ווי ריעזענפליגלען אויף אַריבערצוטראָגען מיין פאָלק איבער אַלע תהומ׳ען און געפאַהרען. פאַר וואָס האָבען זיי מורא צו נעמען געוועהר אין זייערע הענד? זיעגען אָדער פאַלען, אָבער נישט אָבקויפען זיך. מענער, וועלכע בעהאַלטען זיך הינטער אַ פרויען־קליידעל, האָבען קיין שום עהרגעפיהל נישט, און מיין גאַנץ פאָלק זאָל בעשטעהן פון אַזעלכע מענער?! זרבבל׳ס פאָלק זאָל קיין עהרגעפיהל נישט האָבען? שרייט אין דיר גאָר נישט גענען דעם, שושנה?"

נאָר שטיל איז געווען שושנה אין זיינע אָרעמס און האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט, און ער האָט אַלץ געדרונגען אין איהר און לייַדענשאַפטליך אַריינגעקוקט איהר אין די אויגען און אַלץ געבעטען: „זאָג מיר, שושנה, זאָג מיר!“

און ענדליך האָט שושנה שטיל אַרויסגערעדט: „דו בלייב מיט מיר, זאָלען זיי טאָן ווי זיי פערשטעהען.“

„צו שאַם און צו שאַנד פאַר דאָס גאַנצע אידישע פאָלק?!“ זרבבל האָט עס אַרויסגעשריען און אַ גרויסע טרויער האָט איהם פלוצלינג אָנגעפילט.

דאַן האָט שושנה געזאָגט איהרע אונפאַרזיכטיגע ווערטער: „זיי זיינען די מערהייט, דער רבים, זיי פערשטעהען עס בעסער!“

און זרבבל איז אויפגעשפרונגען, ווי אַ שלאַנג וואָלט איהם אַ ביס געטאָן. ער האָט געוואָלט אויפשרייען מיט ביטערע קולות, אָבער ער האָט דערפיהלט, ווי אַ גרויסער כעס שטייגט אין איהם אויף. ער האָט אַרויפגעלעגט זיין האַנד אויף זיין האַרץ און געריבען זיך די ברוסט, און פלוצלינג האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו דער טיר. אָבער ביי דער טיר איז ער געבליבען שטעהן און האָט אָנגעשפּאַרט זיך און געזאָגט, און זיין קול איז געווען הייזעריג: „דו וועסט מיך מעהר נישט זעהן, שושנה!“

אַ שוידער איז דורכגעגאַנגען שושנה׳ן דורך אַלע גליעדער און פול שרעק און פערצווייפלונג האָט זי אויסגעשריען: „אָבער, זרבבל!“

און ער האָט ווידער אַרויסגעשעפטשעט: „דו וועסט מיך מעהר נישט זעהן, שושנה!“

דערשראָקענער האָט אויפגעשריען שושנה: „אָבער, זרבבל!“ און זי האָט צוגעטראָגען איהרע ציטערדיגע בלייכע הענד צו איהרע באַקען און איהר בליק איז געווען ווי פון אַ דערשראָקענער פערוואונדעטער טויב.

און זרבבל האָט גערעדט און זיין שטימע האָט געציטערט: „איך ליעב דיך און שטאַרק ווי דער טויט איז מיין ליעבע. ביי נאַכט אויף מיין געלעגער וועל איך דיין נאָמען רופען, און מיין האַרץ וועט פערגעהן פאַר בייַנקענים. מיט די נעגעל פון מיינע פינגער וועל איך מיר מיין לייב צוקראַצען און מיינע אויגען וועלען ברענען אונטער זודיגע טרערען. אָבער נישט דו קאָנסט זיין זרבבל׳ס ווייב, נישט דו די מוטער פון זיינע קינדער. דו וועסט מיך מעהר נישט זעהן, שושנה!“

שווער געוואָרפען האָט זיך שושנה׳ס ברוסט, איהר שנעלער אָטעם איז געווען דורכגעווייקט מיט טרערען, און האַרצרייסענד איז געווען איהר אויסגעשריי: „זרבבל!“

אָבער ער האָט שוין אויפגעעפענט די טיר, און שטעהענדיג אין איהר, האָט ער צוגעווענדט צו שושנה׳ן זיין געזיכט און פעסט אַרויסגערעדט: „געה און לערן דיך צו זיין זרבבל׳ס ווייב!“ און דאַן האָט ער צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך.

זי האָט אויפגעשריען און דאָס איז געווען דער געשריי פון אַ פערוואונדעטער הירשין. זי איז צוגעשפרונגען צו דער טיר, אָבער איהרע פיס האָבען זיך איהר אונטערגעבויגט. זי האָט אויסגעשפרייט די הענד אויף דער צוגעמאַכטער טיר, און געקרכצט און

געוויינט אין איהר גרויסען אונגליק. זי האָט נישט גערעדט, איהר האַלז איז איהר צוגעשנירט געוואָרען, און די צונג האָט זיך נישט בעוועגט. ערסט שפעטער האָט זי געקאָנט אַרויסשעפּטשען גאַניץ שטיל: „זרבבל, זרבבל, זרבבל!" נאָר זיין נאָמען האָט זי שטיל געפליסטערט און מעהר האָט זי נישט געקאָנט. דאַן האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפען אויף איהר געלעגער מיט די הענד אויפ'ן געזיכט, גאַניץ צונויפגעקאָרטשעט, און עס איז איהר געווען, ווי עמיץ וואָלט זי געפּאַטשט.

און זרבבל האָט געשפּרייזט דורך נאַכט און פינסטערניס, ווייט הינטער דער שטאָדט, אין טיעפער איינזאַמקייט, דאָרטין, וואו אַ גרויסער פעלזען האָט זיך אויפגעהויבען הויך איבער אַ טיפען אָבגרונד.

## 1

הינטער זיבען ימים, הינטער זיבען בערג — און אפשר אַ סך נעהענטער — איז געוועזן־געוועזן — און אפשר שטעהט נאָך היינט — אַ גרויסע־גרויסע שטאָדט, וועלכע איז וואָס אַ יאָהר אַלץ גרעסער געוואָרען, וואָס אַ יאָהר אַלץ רייכער געוואָרען, און ניט געוואוסט פון קראַנקהייטען, מלחמות און פערוויסטונגען. האָבען די פרומע קריסטליכע איינוואוינער זיך אַרומגעזעהן, אַז זיי מוזען מיט עפּעס אָפּדאַנקען דעם אַלמעכטיגען, ליעבענדיגען גאָט פאַר אַלע זיינע חסדים, וואָס ער טוט מיט זיי. זיינען זיי געקומען צו זייערע פאָרשטעהער און עלטסטע און געזאָגט צו זיי אַזוי: „גאָט איז זעהר גוט צו אונז און צו אונזער שטאָדט, און מיר ווילען איהם מיט עפּעס אָפּדאַנקען. און וויל איהר זייט אונזערע פאָרשטעהער און אונזערע עלטסטע, ווילען מיר, אַז איהר זאָלט עפּעס אָפּטראַכטען, מיט וואָס מיר זאָלען אַמבעסטען אָפּדאַנקען גאָט.“

איז עס די פאָרשטעהער און די עלטסטע זעהר געפעלען געוואָרען, און זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט טראַכטען, און זיי האָבען געטראַכט און געטראַכט און לסוף אויסגעטראַכט, אַז דאָס בעסטע, מיט וואָס זיי קאָנען אָפּדאַנקען גאָט פאַר אַלע זיינע חסדים, איז אויפצובויען פון זיין כבוד וועגען אַ טעמפּעל, וועלכער זאָל זיין גלייכען ניט האָבען אין גאַנצען לאַנד און אויך ניט אין די אַרומיגע לענדער, אַזוי אַז פון אומעדום זאָל מען צו איהם עולה רגל זיין און דאָס וויסען פון גאָט'ס גרויסקייט און ליעבע זאָל זיך פון איהם פערשפּרייטען איבער דער גאַנצער וועלט.

האָט דער פלאַן געפונען חן אין די אויגען און אין די הערצער פון די איינוואוינער און זיי האָבען געהייסען די פאָרשטעהער און די עלטסטע אַזוי צו טאָן.

## 2

האָבען די פאָרשטעהער און עלטסטע צונויפגערופען אַלע גרעסטע קלויסטערבויער און אַלע גרעסטע קינסטלער אין שטיין און האָלץ און פאַרבען, וועלכע זיינען אויך געוועזען בעוואוסט מיט זייער גרויסער פרומקייט און אמת׳ער צוגעטאָנקייט צו גאָט און זיין זוהן און דער הייליגער יונגפרוי, און האָבען צו זיי געזאָגט אַזוי: „שטעלט אונז אויף אַ קלויסטער אין אונזער שטאָדט, וואָס זאָל רעדען בעסער, ווי אַלע צונגען און אַלע ווערטער, פון גאָט׳ס גרויסקייט און דערהויבענקייט. ווער עס זאָל איהם נאָר אָנקוקען, זאָל גלייך אויסגעפילט ווערען מיט דער גרויסער מורא פאַר גאָט, און דאָס פערשטאָפּטעסטע האַרץ זאָל בעגרייפען, ווי גרויס און שטאַרק און גוט אונזער גאָט איז. פון זיינע ליניען זאָל מען עס אַרויסלייענען און פון זיין געבוי, פון דער צוזאַמענשטעלונג פון זיינע שטיינער און פון דער שיינהייט פון זיינע פערציערונגען, און גרויסע פרומקייט זאָל פון איהם אַרויספליסען און גרויסע דאַנקבאַרקייט צו גאָט, ווי אַ שטראָם פון פרישען דערקוויקענדיגען וואַסער פאַר דעם אויסגעמאַטערטען דורשטיגען וואַנדערער אין דער מדבר.“

און אַז די בויער און קינסטלער האָבען אויסגעהערט די דאָזיגע ווערטער, האָבען זייערע הערצער אָנגעהויבען שטאַרק צו קלאַפּען מיט דעם גרויסען חשק צו דער אַרבייט, און אין זייערע אויגען האָט זיך אָנגעצונדען דאָס הייליגע פייער פון געטליכען שאַפען. אָבער צוערסט האָבען זיי זיך צוזאַמענגענומען און תּפלה געטאָן פאַר גאָט און זיין זוהן און דער הייליגער יונגפרוי, אַז זיי זאָלען בעגנאַדיגט ווערען מיט די נויטיגע אָנווייזונגען פון געטליכען גנאָד, זייערע קעפּ זאָלען טראַכטען די ריכטיגע געדאַנקען, זייערע אויגען זאָלען זעהן די פערבאָרגענסטע הייליגקייט, זייערע הערצער זאָלען אַרויספיהלען די טיעפסטע סודות פון דער אייביגער געטליכקייט, און זייערע הענד זאָלען ניט פאַרפעהלען אין דער אויספיהרונג. און אַז זיי האָבען געענדיגט זייערע תּפלות, וועלכע זיינען געוועזען פול מיט בייגקענים און האַרץ־אויסגעהענים און אונענדליכער פרומקייט, זיינען די בויער און קינסטלער אַוועק צו זייער אַרבייט, ווי געטראָגען פון אונגעזעהענע הענד, מיט פייער אין זייערע אויגען און פייער אין זייער בלוט, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געוואוסט, אַז די אַרבייט וועט זיי זעהר געלינגען, און האָט זיך שוין זעהר שטאַרק געפרעהט.

3

און אַזוי איז עס געוועזען. ווען די בויער האָבען געבראַכט צו די פאָרשטעהער און ערסטע די צייכנונג פון דעם פערטראַכטען טעמפעל, האָבען די פאָרשטעהער און עלטסטע געפיהלט, אַז זיי דאַרפען זיך אַראָפלאָזען אויף די קני, ווייל אַזאַ גרויסע פרומקייט האָט אַרויסגעשטראָמט פון דעם בילד אין זייער האַרץ אַריין. און ווען דאָס בילד איז אויסגעשטעלט געוואָרען אין דעם שטאָדט-הויז, האָט אויסגעבראָכען אַ פרומע פרייד צווישען מענער און פרויען און יונג און אַלט, ווי די פרומע פסח-פרייד ביי דעם וואונדער פון קריסטוס׳עס לעבעדיג ווערען.

מיט אַלע זיינע איינצעלהייטען איז געשטאַנען דאָס קומענדיגע בוי-וואונדער אויף דעם בילד, און אַליין אין איהם האָט צוגעפיהרט צו דעם איין געדאַנק פון דער גרויסקייט פון גאָט און זיין ליעבע און זיין רחמנות, און פון דער ליעבע צו גאָט און מענשען אין די מעשים פון די הייליגע. דאָס איז געלעגען אין דער אונטערסטער מראַמאָרנער טרעפ און האָט אַראָפגעגלאַנצט פון דער ריעזיגער, איבערמענשליך גרויסער יעזוס-פיגור, וועלכע איז געשטאַנען אויבען אויף דעם מיטעלסטען און העכסטען טורעם, מיט׳ן רוקען ביי אַ נאָך ריזיגערען צלם, די רעכטע האַנד אויפגעהויבען צום בענשען.

און אַז דעם פאָלק איז אַזוי געפעלען געוואָרען דאָס בילד, און די פאָרשטעהער און די עלטסטע האָבען מיט טרערען אין די אויגען פאַר גרויסער ריהרונג געגעבען זייער הסכמה, זיינען די בויער אַוועקגעגאַנגען אויסצוזוכען די בעסטע שטאָפען פאַר זייער אַרבייט, ווי אויך די בעסטע און פרימסטע אַרבייטער, אַז פון דעם שטיינלעגער ביז דעם זאַמד-טרעגער זאָלען אַלע זיין פון ריינעם קריסטליכען געמיט. און די קינסטלער אין שטיין און האָלץ און פאַרבען האָבען איינגעטיילט צווישען זיך די פערשיעדענע אַרבייטען, פאַר יעדערען זיין ווינקעל און זיין געדאַנק און זיינע פיגורען. אָבער דער גרעסטער בילדהאַקער פון זיין לאַנד און זיין דור האָט באַקומען אויסצוהאַקען פון מראַמאָר די יעזוס-פיגור, וועלכע וועט שטעהן אויבען אויף דעם מיטעלסטען און העכסטען טורעם.

4

דער גרעסטער בילדהאַקער פון זיין לאַנד און זיין דור איז געווען אַ מאַן ווייט אין יאָהרען און מיט אַ האַרץ פון אַ קינד. גוט און ליעב צו אַלעמען, צו נאָהנטע און צו ווייטע, אַ העלפער אין נויט פאַר אייגענע און פרעמדע, מיט דעם האַרציגסטען בליק אין זיינע בלויע אויגען, מיט אַ קינדיש־ליעבליכען שמייכעל אויף זיינע ליפען און מיט אַן אָפענער האַנד. זיין גרויסע קונסט האָט ער אָנגעווענדט אויף צו פערהערליכען גאָט און זיינע מעשים און זיינע הייליגע, ווייל ער איז זעהר פרום געווען, און די קירך האָט ניט געהאַט קיין אָפטערען בעזוכער פאַר איהם. אָבער אַלע זיינע הייליגע בילדער, וועלכע ער האָט געמאַכט מיט אַזאַ גרויסער פרומקייט, זיינען געווען מייסטערווערק, מוסטערווערק, וואונדערליכע בעקעהרער צו גאָט. ווייל ער האָט געהאַט אין זיך די גרויסע מתנה אַרויסצורופען פאַר זיך און לייבהאַפטיג זעהן און איבערלעבען די טיעפסטע געפיהלען און רייכסטע געדאַנקען. און דאָס שטאַרק איבערגעלעבטע פלעגט זיך צוגיסען איבער זיין קערפער, באַוועגען מיט זיינע הענד, און פון זיינע הענד אַריבער אין דעם שטאָף, וועלכען ער האָט בעאַרבייט. און ער פלעגט אַרויסברייגנען אין אַ גרויסער ריינהייט פון פאָרם און ליניען דעם תמצית פון דעם הייליגען, וועמעס בילד ער האָט אויסגעהאַקט פון שטיין אָדער אויסגעגאָסען פון בראָנז, די הייליגקייט פון זיינע מעשים און זיין האַרץ און זיינע יסורים.

און עס איז געווען, ווען ער האָט בעקומען אויסצוהאַקען פון מאַרמאָר די יעזוס־פיגור, וועלכע וועט שטעהן אויף דעם העכסטען שפּיץ פון דער וואונדער־קירך, האָט ער פערגאָסען טרערען פון טיעפסטער פרייד, טרערען פון דעם פרומסטען געמיט. ער האָט זיך איינגעשלאָסען ביי זיך אין צימער, געשטעלט אויף די קני פאַר דעם יעזוס־בילד אויף דער וואַנד, און איז גאַנץ אויפגעגאַנגען אין זיין תפלה. און אַזוי געפעסטיגט און געשטאַרקט, האָט ער צוגעמאַכט זיינע אויגען און אַריינגעטאָן זיך אין געדאַנקען איבער זיין אַרבייט.

5

גאָר באַלד איז איהם געוועזען, ווי ווען דער הייליגער גייסט האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף איהם, און ער האָט אָנגעהויבען צו אָטעמען שנעל און שווער. ער האָט קלאָר און שאַרף דערפיהלט דעם וועג, ווי אויסצופיהרען זיין אַרבייט.

ער וועט אַרויסרופען אין זיך און איבערלעבען די גרויסע געטליכע ליעבע, צוליעב וועלכער גאָט'ס זוהן האָט געקאָנט נעמען אויף זיך אַזוי פיעל ליידען, און אָט די גאַנצע אונענדליכקייט פון ליעבע וועט ער אַריינגיסען אין די אויגען פון דעם שטיינבילד, און עס וועט פליסען פון די אויגען די אייביגע ליעבע איבער ווייט און ברייט אין די הערצער פון גאָט'ס קינדער.

ער האָט זיך דערזעהן הויך, איבערמענשליך הויך, ערגעץ אויף אַ הויכען באַרג, און פון דאָרטין האָט זיין אויג אַרומגענומען די גאַנצע גרוים פון דער וועלט. און די גאַנצע וועלט איז געוועזען אַ גרויסער גרויסער פּלאַץ, אָנגעפילט פון דער גאַנצער מענשהייט. און ער שפּרייט אוים זיינע ריעזיגע אָרמס און נעמט אַרום די גאַנצע מענשהייט און דריקט זי צו צו זיין מעכטיגען האַרץ, אין וועלכען די ליעבע גיסט זיך איבער ווי אַ ים.

ער האָט געמאַכט די אומאַרמונג־בעוועגונג און איז פערגליווערט געוואָרען אין איהר. זיין האַרץ איז אויסגעגאַנגען אין גרויסער ליעבע, און זיין גייסטיג אויג האָט אַרומגעשוועבט איבער דעם גרויסען פּלאַץ, וועלכער איז געוועזען די גאַנצע וועלט. אַלע פעלקער זעהט ער דאָ, אַלע די אונצעהליגע, די פערשיעדענאַרטיגע, ווייס און שוואַרץ און געל און רויט, קריסט און געצענדיענער און — —

אידען, אַ גרויסע מחנה אידען, מיט לאַנגע שוואַרצע בערד און קרומע נעזער, אין משונה׳דיגער קליידונג און קאָפּצודעק, מיט לאַנגע געקרייזעלטע פאות, מיט שוואַרצע בייזע פעררעטער=אויגען.

ער האָט אויפגעשוידערט און אויפגעעפענט זיינע אויגען. דאָס גרויסע בילד איז מטושטש געוואָרען, דאָס שטאַרקע איבערגעלעבטע געפיהל האָט נאָכגעלאָזען, אָבער די אידען זיינען געשטאַנען דייטליך פאַר איהם. ער האָט זיך פערקרימט, ווי פון אַ גרויסען עקעל, און עס איז איהם געוועזען, ווי אין זיין נאָז וואָלט אַריינגעדרונגען אַ שלעכטער ריח. אין זיין האַרץ האָט אויפגעקאָכט דער אידען=האַס, וועלכען ער האָט געטראָגען אין זיך פון קינדרוויז אויף, און אין די אויגען האָט זיך אָנגעצונדען דער כעס, וועלכען ער האָט שטענדיג פערשפּירט, ווען אַ איד איז צוגעטראָטען צו איהם צו נאָהנט. ער האָט בייז און אונגעדולדיג אַ קלאַפּ געטאָן מיט׳ן פוס, ווי צו פערטרייבען די שרעקגעשטאַלטען פון זיך, און אין פערצווייפלונג פערבראָכען די הענד. ווייל זיי זיינען געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר, און האָבען אומגעוואָרפען מיט די הענד, און געשריען און געלאַרעמט, אָנפילענדיג זיין צימער מיט זייער שלעכטען אָטעם. און ער האָט דערזעהען פאַר זיך, ווי זיי פייניגען יעזוס און שלאָגען איהם צו מיט גרויסע טשוועקעס צום קרייץ. און ער האָט געזעהן, ווי זיי ברייננגען אום קליינע קריסטליכע קינדער, אום אַריינצוקנעטען זייער בלוט אין די פסח׳דיגע מצות. און ער האָט געהערט, ווי זיי לעסטערן גאָט און זיין זוהן און די הייליגע יונגפרוי און שפּאָטען אָפּ פון קריסטענטום.. אַלץ, וואָס ער האָט אַרויסגעזויגען מיט דער מוטערמילך, אַלץ, וואָס ער האָט זיך אָנגעלייענט אין די ביכער, וועלכע האָבען געגאָלטען אַלס דער אמת וועגען אידען, אַלץ, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פאַר זיין גאַנץ לעבען אין די פערשיעדענסטע געזעלשאַפטען און אין די פערשיעדענע לענדער — דאָס אַלץ האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף איהם, ווי אַן איינפאַלענדיגער באַרג, פערשאָטען דאָס גרויסע ליעבע=געפיהל און אָנגעפילט איהם מיט עקעל און בייזקייט און כעס.

ער האָט זיך געריבען די שטערן און אָנגעהויבען צו מורמלען פרומע תפלות, אַז גאָט זאָל אָפּרייניגען זיין אויג און אַוועקנעמען פון איהם די, וועלכע ער קאָן ניט און טאָר ניט ליעבען, די, וועלכע ער מוז האַסען און פיינט האָבען. און ענדליך האָט

ער זיך ווידער אַראָפּגעלאָזען אויף די קני פאַר דעם יעזוס־בילד אויף דער וואַנד פון זיין צימער. אין הייסער תּפלה האָט ער ווידער אַרויסגערופען פאַר זיך דעם גרויסען פלאַץ, אָנגעפילט פון דער גאַנצער מענשהייט, און ווידער האָט ער איבערגעלעבט די גרויסע אומאַרמונג אין איהר אונענדליכער ליעבע. אַלעמען, אַלעמען האָט ער זיי צוגעדריקט צו זיין מעכטיגען האַרץ, אין וועלכען די ליעבע האָט זיך ווידער איבערגעגאָסען ווי אַ ים. אַלעמען, אַלעמען האָט ער ווידער אָנגעקוקט מיט אויגען, אין וועלכע די ליעבע איז געווען אונענדליך — די אַלע אונצעהליגע, פערשיעדענאַרטיגע, ווייס און שוואַרץ און געל און רויט, די פערשיעדענע קריסטען און די פערשיעדענע געצענדיענער. נאָר אין דער זייט, וואו די אידען זיינען געשטאַנען, האָט זיין אויג אַרויסגעשאָסען אַ פייער־שטראַל פון האַס און שנאה.

## 7

ער האָט געאַרבייט לאַנג. און יעדער טאָג אַרבייט איבער דער ריעזען=גרויסער פיגור פון גאָט׳ס זוהן איז פאַר איהם געווען דער פרומסטער גאָטעס=דיענסט, די בעגייסטערסטע עבודת הבורא. און גאָט האָט גאַנץ בעזונדערס געבענשט זיינע הענד, אַז זיי האָבען ניט פערפעהלט אַרויסצוברייננגען אין שטיין די טיעפסטע איבערלעבענים, די פאַרבאָרגענסטע זעהונג. און נאָך יעדען טאָג אַרבייט פלעגט ער פאַלען אויף די קני און וויינען טרערען פאַר פרייד און מורמלען זיין האַרציגסטען דאַנק צום וועלט=בעשאַפער. און ווען ער האָט געוואוסט, אַז ער איז שוין פאַרטיג, נאָך דער לעצטער בעריהרונג מיט האַמער און האַקאייזען, האָט ער פערשפירט אַ גרויסע שוואַכקייט אין זיינע קני און אָנגעשפאַרט זיך אָן דער וואַנד אין אַ טויט=בלייכקייט, גאַנץ איבערגעוואַלטיגט פון דעם געפיהל פון געטליכער געלונגענהייט.

אַליץ, וואָס ער האָט געוואָלט און געפיהלט, האָט ער אַרויסגעבראַכט אין דער מראַמאָר. דער קאַלטער שטיין איז דורכגענומען געוואָרען פון אַ וואונדערליכער וואַרימקייט, ווי דורכגעריזעלט פון הייסען בלוט. איבער דער גאַנצער פיגור איז אויסגעגאָסען געווען געטליכע גרויסקייט, און ווי די וייכע, צאַרטע שטראַלען פון דער פולער לבנה זיינען געווען די שטראַלען פון די אויגען, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעלויכטען די אייביגע אונענדליכע ליעבע. נאָר איין קליינער ווינקעל אין דעם לינקען אויג איז פערשאָטענט געווען, און פון דאָרטען האָט אַרויסגעלויכט, ווי פון אונטער אַ הויפען גליהענדיגער אַש, אַ פונק פון אייביגען האַס.

דער טאָג, אין וועלכען דאָס יעזוס=בילד איז איבערגעגעבען געוואָרען דער עפענטליכקייט אין שיף פון דעם פאַרטיג=געוואָרענעם קלויסטער, איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גרויסען יום=טוב. קיינער האָט ניט געאַרבייט, און אין שטראָמען האָט געפלייצט די בעפעלקערונג פון דער שטאָדט און די אַרומיגע דערפער אָנצוזעהען זיך דאָס וואונדערווערק. און עס איז זיי געווען ביים אָנבליק פון דעם שטיינבילד, ווי ווען גאָט׳ס זוהן וואָלט זיך זיי לייבהאַפטיג אַנטפּלעקט, און דער גרויסער עולם האָט געוויינט פאַר ריהרונג, געפאַלען אויף די קני אין אַ פרום=בעגייסטערטען „הללויה“, און געוואָרפען זיך איינער דעם אַנדערן אויפ׳ן האַלז און געקוסט זיך, ווי ביים וואונדער פון קריסטוס׳עס אויפערשטעהונג, אָבער נאָך שטאַרקער און אמת׳דיגער, ווייל די געטליכע ליעבע איז אַריין אין זייער האַרץ.

אָבֿער ווען די אַרויסשטראָמענדיגע מאַסען האָבֿען אָנגעטראָפֿען פֿאַר דער קירך עטליכע יונגע אידען, וועלכע זיינען צופֿעליג פֿאַרבייגעגאַנגען אין זייער וועג אָדער אפֿשר פֿון נייגעריגקייט געטריבֿען געוואָרען אַהער, איז אַ בייזער מורמעל דורכגעלאָפֿען זיי, ווי אַ ווירבעלווינד איבער׳ן וואַסער, און באַלד זייגען די אידען אַרומגערינגעלט געוואָרען, און הענד האָבֿען זיך געהויבֿען, און שווערע שטיינער זיינען דומפֿף געפֿאַלען אויף הויט און ביינער, און טויזענדער ווילדע קולות פֿון משוגע=געוואָרענער בלוטדורשטיגקייט האָבֿען קוים געקאָנט פֿערהילכען דעם אימה׳דיגען וועה=געשריי פֿון עטליכע לעבֿענס, וועלכע זיינען אכזריות׳דיג אַרויסגעריסען געוואָרען פֿון עטליכע קערפּער.

שפּעטער האָבֿען עטליכע פֿרויען מיט זייף און וואַסער אָפּגעוואַשען פֿון די קירכענטרעפּ עטליכע פֿלעקען פֿון מאַרך און בלוט. אָבֿער איין קליינער בלוטפֿלעק, גאַניץ אונטען, וואו דער שטיין האָט אָנגערירט די ערד, איז געבליבֿען אונבעמערקט, אָדער אפֿשר האָבֿען איהם די זייף און דאָס וואַסער ניט בייגעקומען, און ער איז דאָרטען פֿערבליבֿען עד היום הזה, צוערסט העל=רויט, און דערנאָך אַלץ טונקעלער און טונקעלער, ביז ער איז געוואָרען איינס מיט דעם שטיין, וועלכער האָט מיט דער צייט פֿערלאָרען זיין העלע גרויקייט, אום צו בעגעגנען די טונקעלע פֿאַרבּ פֿון דעם בלוטפֿלעק.

איינמאָל, ווען די יעזוס־פיגור אויבען אויף דעם העכסטען שפּיץ פון דעם קלויסטער איז שוין געוועזען בעדעקט מיט דיקען שטויב, וועלכער איז געוועזען דורכגעשניטען מיט אונצעהליגע רצועות פון פאַלענדיגען רעגען, איז אַ רויבפויגעל, אַ קאָרשון, געפלויגען הויך אין דער לופט און געטראָגען אין זיינע קראַלען אַ גרויסע ווייסע טויב, וועלכע ער האָט ערשט אַרויסגעכאַפּט פון אַ גאַנצער מחנה אין דער זוניגער לופט זיך באָדענדיגע טויבען. און ווייל די טויב איז איהם געוועזען אַ ביסל צו שווער, אָדער ווייל זי האָט איהם אויסגעמאַטערט מיט איהר ראַנגלען און צאַפּלען זיך אין זיינע נעגעל, אַזוי אַז ער האָט עטליכע מאָל געמוזט אָנשטריינגען זיין פליגעלקראַפט אויף איינצוהאַלטען זיך אין דער הויך, האָט ער בעשלאָסען אָבצושטעלען זיך אויפ'ן קאָפּ פון דער יעזוס־פיגור, ווייל צו זיין בוים אין וואַלד איז איהם נאָך זעהר ווייט געוועזען. אָבער ווען ער איז צוגעפלויגען צו דער יעזוס־פיגור, האָט זיך זיין בליק אָנגעטראָפען מיט די יעזוס־אויגען, און אַ גרויסער שרעק איז איהם בעפאַלען. ער האָט אויפגעעפענט זיינע קראַלען און אַרויסגעלאָזען די טויב, וועלכע איז אַ שווער פערוואונדעטע אַראָפּגעפאַלען אויף דעם פיעדעסטאָל צו־פוסען פון דער סטאַטוע, געמאַכט עטליכע שנעלע בעוועגונגען מיט די פליגלען, ווי ער וואָלט געוואָלט איינהאַלטען זיין גלייכגעוויכט, און תיכף אומגעקעהרט זיך צוריק, מיט קלאַפּענדיגען האַרץ, שרייענדיג אין טויט־שרעק. ער איז געפלויגען שנעל און שנעלער, ווי געטריבען פון אַ מורא'דיגער פיינדליכער מאַכט, ניט אויפהערענדיג אַרויסצוגעבען זיינע שרעקגעשרייען. און אַזוי גרויס איז געוועזען זיין שרעק, אַז דער שאָטען פון עטליכע טויבען, וועלכע האָבען זיך מעהר אַראָפּגעוואָרפען ווי אַוועקגעפלויגען אין זייער מורא פאַר איהם, האָט אַרויסגערופען אַ שוידער אין איהם. ער האָט שוין לאַנג געלאָזען די גרויסע שטאָדט הינטער זיך און דעם וואַלד הינטער דער שטאָדט, און איז אַליין געפלויגען און געפלויגען מיט דער גרויסער מורא אין אַלע זיינע גליעדער, און ניט דערוועגט זיך אומצוקוקען זיך אויף הינטען. ערסט ווען ער האָט אָנגעהויבען צו פערגעסען, וואָס האָט איהם אַזוינס דערשראָקען, האָט ער זיך אומגעקוקט אויף הינטען. און ווייל ער האָט גאָרנישט געזעהן פון זיין שרעק, האָט ער איינגעהאַלטען זיין פליה, און באַלד געלאָזען זיך פליהען צוריק. צוערסט לאַנגזאַם, ניט זיכער, פאָרזיכטיג, שפּיאָנירענדיג מיט זיינע אויגען רעכטס און לינקס, ווי ער וואָלט געוואָלט ענטדעקען דעם בעהאַלטענעם שונא. באַלד איז איהם געקומען דאָס געפיהל פון דער טויב אין זיינע קראַלען, איהר מורא און איהר ראַנגלען זיך, און ער האָט זיך געלאָזען

שנעלער פליהען, ניט וויסענדיג וואוהין. אָבער ווען ער האָט פון דערווייטענס דערזעהן די יעזוס־פיגור, האָט ער זיך אויף אַלץ דערמאָנט.

יעצט איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ העלישען כעס. עס איז איהם געוועזען, ווי ווען די פיגור האָט בּיי איהם אָבגענומען די טויב, און אַז ער האָט זיך דערמאָנט אויף די אויגען, האָט ער אָנגעשטעלט זיינע קראַלען ווי די שפּיזען. ער האָט אויפגעשריען, דורשטיג נאָך בלוט, און נאָך קיינמאָל האָבען איהם זיינע שטאַרקע פליגעל אַזוי שנעל ניט געטראָגען. און וואָס נעהנטער ער איז געוואָרען צו דער פיגור, אַלץ בּייזער און שרעקליכער איז געוואָרען זיין בלוט־געשריי, און אָט איז ער שוין מיט קראַלען און שנאָבעל בּיי די גרויסע, פון ליעבע לויכטענדיגע, אויגען.

אָבער זיין בליק האָט אָנגעטראָפען דעם פונק פון אייביגען האַס, וועלכער האָט אַרויסגעטליעט אין ווינקעל פון דעם לינקען אויג, ווי פון אונטער אַ הויפען גליהענדיגער אַש. אַ סעקונדע האָט ער זיך רוהיג איינגעהאַלטען אין דער לופט, מיט דער גאַנצער רציחה־לוסט אין שנאָבעל און קראַלען, און דערנאָך האָט ער אויפגעשריען מיט אַ מין אויפיובלען, ווי ער וואָלט אַ פריינד ענטדעקט. ער האָט זיך עטליכע מאָל איבערגעקוליעט אין דער לופט פאַר ווילדער, אויסגעלאַסענער שמחה, און דערנאָך אַראָפּגעלאָזען זיך אויפ'ן קאָפּ פון דעם שטיינבילד מיט אַ געפיהל פון גרויסער דערלייכטערונג. מיט פרעהליכער צופרידענהייט האָט ער איינגעבויגען זיין קאָפּ נאָך לינקס און מעשה וואוילער יונג אַראָפּגעקוקט צו דעם פונק פון האַס אין דעם לינקען ווינקעל. איינמאָל, און נאָך אַ מאָל, און נאָך אַ מאָל, און דאַן האָט ער דערזעהן די פערוואונדעטע טויב צו־פוסען פון יעזוס. זי האָט שוין לאַנג דערפיהלט איהר מערדער און געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען אויף אַוועקצורוקען זיך און געצאַפעלט זיך אין איהרע שמערצען. מיט דעם אויפגעשריי פון ענטציקונג האָט זיך דער קאָרשון אַראָפּגעלאָזען צו איהר. מיט פערגניגען צוגעקוקט זיך אַ ווײלע צו איהר שרעק און צאַפלען זיך, און דאַן אַריינגעשטאָכען אין איהר זיינע קראַלען און אויפגעהויבען זיך מיט איהר אויפ'ן קאָפּ פון יעזוס. אַ קוק טוענדיג נאָך אַ מאָל אין דעם ווינקעל פון דעם לינקען אויג, האָט ער זיך הנאה'דיג גענומען צו דער פערצעהרונג פון דעם וואַרמען בלוט און פלייש, בענוצענדיג דעם קאָפּ פון יעזוס ווי אַ גרויסען טיש.

באַלד האָט אַ וואָלקען ווייסע פעדערן און פוך פערשפּרייט זיך אין דער לופט איבער'ן קלויסטער. עפּעס אַ קנאָכען האָט זיך אַראָפּגעקייקעלט און איז אַראָפּגעפאַלען, בעגלייט פון דעם גיריגען בליק פון דעם קאָרשון, און דינע רצועות בלוט האָבען אָנגעהויבען אַראָפּצוגיסען זיך איבער אַלע זייטען פון דעם קאָפּ. עטליכע האָבען געטראָפען אין די אויגען און זיינען דאָרטען געבליעבען שטעהן. אָבער ווען דאָס לינקע אויג איז איבערגעפילט געוואָרען מיט בלוט, האָט איין טראָפּען, ווי אַ בלוטיגע טרער, אָנגעהויבען צו קייקלען זיך אַראָפּ, אַראָפּ, ווי ער וואָלט געשטרעבט צונויפצוגיסען זיך מיט דעם נישט אָפּגעוואַשענעם בלוטפלעק גאַנץ אונטען אויף דעם טרעפּשטיין, דאָרטען, וואו ער בעריהרט די ערד. — —

1920.

## 1

דאָס איז געוועזן אין די ערשטע יאָהרען פון פוילענס בעפרייאונג פון אונטער דעם יאָך פון די מלוכות, וועלכע האָבען זי געהאַט צוריסען אויף שטיקער און די שטיקער צוטיילט צווישען זיך. נאָך הונדערט=און=פופציג יאָהר האָט פוילען צוזאַמענגענומען די צעריסענע שטיקער און איז ווידער געוואָרען איין גרויס לאַנד, זעלבסטשטענדיג און זעלבסטבעשטימענד, באַפרייט און פריי.

דאָך שלעכט האָט פוילען פערשטאַנען איהר נייע פרייהייט. אָה, יע! ווייל פריי זיין האָט ביי איהר געהייסען — אַ סך מאַכט האָבען און מאַכט בעווייזען. אָבער זי האָט נישט געקענט באַווייזען איהר מאַכט אויף די אַרומיגע פעלקער, פון וועלכע זי האָט זיך ערשט באפרייט. ניין, דאָס האָט זי נעבאַך נישט געקענט. האָט זי אָנגעווענדט איהר ווילען צו מאַכט אויף די קלענערע פעלקער=טיילען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין איהרע גרענעצען. דער עיקר אויף דאָס אידען=פאָלק. זעלבסטפערשטענדליך. ווייל דאָס איז שוין פון זעהר לאַנג צוזייט און צושפּרייט צווישען די פעלקער און איז דאָס מאַכטלאָזעסטע. אַ הפקר=פאָלק.

האָבען די פאָליאַקען קיין גרענעץ נישט געוואוסט אין זייער מאַכט=באַווייזענים, ווייל וואָס מעהר זיי האָבען געקענט אונטערדריקען און פערפאָלגען אַנדערע, אַלץ מעהר האָבען זיי געפיהלט זייער ניי=געוואונענע פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט. ווי אַ קינד, וואָס פיהלט זיינע ציינער, ווען עס בייסט. און ווער איז געוועזן דעם הפקר=פאָלק, אויף וועלכען זיי האָבען זייערע ציינער געפיהלט. אָה, יע !...

מען האָט זיינע הרוגים נישט געצעהלט און זיינע יסורים נישט געמאָסטען. נאָך איז עס נישט געטאָן געוואָרען. עס האָט זיך געוויקעלט אַ גרויסער, דיקער קנויל פון בעליידיגונגען, פערפאָלגונגען, בלוט=פערגיסונגען. און ווער קען זאָגען, וועלכער פונקט אין דעם קנויל האָט מעהר וועה געטאָן? דערצעהלען אַלע איינצעלהייטען -- פאַרנאַנדערוויקלען דעם קנויל. דער לאַנגער פאָדים מאַכט נישט אַזאַ רושם, ווי דער גאַנצער קנויל, וועלכער פערשפּרייט אַ שוואַרצען שאטען אויף פוילענס פרייהייט און פריי=זיין=קאָנען, ווי די לבנה אויף דער זון בשעת זונפינסטערנים.

אָבער אויף דעם קנויל האָט זיך געמאַכט אַ קניפעל, און ער שטעקט אַרויס פון איהם עד היום — דער וויטערער פאָדים האָט איהם נאָך אַלץ נישט געקענט פאַרוויקלען און פאַרדעקען.

ער האָט זיך געמאַכט אין דעם טאָג, ווען פינף־און־דרייסיג אידישע קינדער זיינען צוגעשטעלט געוואָרען צו דער וואַנד פון אַ מאָנאַסטיר און דערשאָסען געוואָרען. אָה, יע, דאָס האָט איבערגעשטיגען אונצעהליגע אנדערע פערברעכענס פון דעם בייזען ווילען צו מאַכט. האָט אָנגעמאַכט דעם שווערסטען רושם, אַרויסגעריסען דעם שמערצליכסטען וועה־געשריי, און נישט געקענט פערגעסען ווערען. און האָט די צייט גענומען איינדריקען עס טיעפער אין דעם גרויסען קנויל, האָט די מאָנאַסטיר־וואַנד אויפגעהויבען עס אויף זיך און אַרויסגעשטעלט עס ווידער הויך און העכער. ניין, עס זאָל נישט פערגעסען ווערען.

דאָס זיינען געוועזען פינף־און־דרייסיג פון די בעסטע אידען אין יענער שטאָדט, וועלכע זיינען צוגעשטעלט געוואָרען צו דער קלויסטער־וואַנד און דערשאָסען געוואָרען. און וויייל יענע שטאָדט איז באַריהמט געוועזען מיט איהר אידישער קהלה, מיט איהר תורה און איהר חכמה און איהרע מעשים טובים, זיינען דאָס געוועזען פינף־און־דרייסיג פון די בעסטע אידען אין לאַנד. דער גרעסטער טייל פון זיי נאָך גאָר יונגע מענשען, עטליכע פון זיי בלוט און מילך, און אַ פּאָר עלטערע. אָבער אַלע וואויל־געלערענט, מיט אידעען אין קאָפּ און מיט דעם חלום פון אַ בעסערער וועלט אין האַרצען. און וואָס נאָך מעהר: קיינער נישט פון זיי א פיינד פון פוילענס פרייהייט. ניין. דער אמת׳ער אמת איז, אַז די אויזלייזונג פון פוילען איז פאַר דעם גרעסטען טייל פון זיי, אויב נישט פאַר אַלעמען, געוועזען אַ פרייד און אַ דערמונטערונג. זיי האָבען געטראָגען אין זיך די האָפנונג, אַז וואָס עס איז געשעהן צו פוילען, וועט אויך געשעהן צו יהודה. פון דער בעפרייאונג פון דעם פוילישען פאָלק האָבען זיי געשעפּט מוט און זיכערהייט פאַר דער בעפרייאונג פון דעם אידישען פאָלק. אָה, יע, דאָס איז דער אמת׳ער אמת.

זיי זיינען אויך אַוועקגענומען געוואָרען פון אַ פערזאַמלונג. פון אַ הילף־פערזאַמלונג. קיין וואָרט איז נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרען געגען פוילען. חלילה! קיין האָר נישט פון אַ פארשווערונג געגען פוילענס פרייהייט. נאָר וועגען הילף האָט מען גערעדט. וועגען הילף פאַר די אידישע מאַסען, וועלכע זיינען אומגעקומען אין נויט און הונגער. נישט מעהר. דאָס איז דער אמת׳ער אמת.

אָבער דער פוילישער ווילען צו מאַכט האָט זיך מיט דעם נישט גערעכענט. די פינף־און־דרייסיג אידען זיינען נישט גע׳משפט געוואָרען. די מאַכט האָט זיך נישט געוואָלט פאַרהערען מיט דער גערעכטיגקייט. עס איז געוועזען איהר ווילען, אַז די פינף־און־דרייסיג אידען, פון די בעסטע אין שטאָדט און לאַנד, זאָלען פערניכטעט ווערען. און עס איז געוועזען אַ צופאַל, וואָס בלויז פינף־און־דרייסיג.

2

אויף דעם העכערן אָפיציר יאַנפּאָלסקי איז אויסגעפאַלען דער כבוד צו ווערען דער אויסדרוק פון דער פוילישער מאַכט. און ער איז געווען איבערגליקליך. נאָך ווי! עס האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען זיין בלוט, און אויפגערעגט האָט ער זיך געדרעהט זיינע דיקע וואָנצעס. ווי לאַנג איז עס, אַז פוילען האָט געהאַט די מעגליכקייט און דאָס רעכט צו משפּט'ען, צו פאַר'משפּט'ען און אויסצופיהרען די שטראָף? ווי לאַנג איז עס, אַז פוילישע סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדא פון אַ פוילישען אָפיציר האָבען געהאַט דעם כבוד אויסצופיהרען באַפעהלען אין די אינטערעסען פון זייער פעראייניגטער און פרייער מוטער פוילען? אַ סך מיט יאָהרען איז עס שוין. אַ פעקעל מיט יאָהרען. פאַר דער צייט איז פולען געלעגען אויף דער ערד, געבונדען הענט און פיס, אהן אַן אייגענעם ווילען און אָהן אַן אייגענער דעה. אַ דיענסט ביי פרעמדע... פערדאַמט!

אַם בעסטען וואָלט ער אויסגעפיהרט די שטראָף אויף די פינף=און=דרייסיג אידען אין מיטען העלען טאָג. ער וואָלט זיי דורכגעפיהרט דורך דער שטאָדט מיט פויקענקלאַפּ און פלייטענפייף. זאָל די באַפעלקערונג צונויפקומען זיך און זעהן, אַז פוילען איז בעפרייט און זעלבסטשטענדיג. און אויפ'ן שטאָדט=מאַרק וואָלט ער עס געטאָן. און אין אַ מאַרק=טאָג. ווען די פוילישע פויערים פון די אַרומיגע דערפער וועלען זיך צונויפפאָהרען. זאָלען זיי אויך וויסען, אַז זייער פאטערלאַנד איז בעפרייט — און פריי צו טאָן, וואָס זי וויל.

אזוי וואָלט ער געטאָן, וולאַס יאַנפּאָלסקי, ווען דאָס וואָלט אין גאַנצען אָפגעהאַנגען אָן איהם. אָבער די העכערע נאַטשאַלסטוואָ האָט באַשלאָסען, אַז די שטראָף זאָל דורכגעפיהרט ווערען אין טיעפער נאַכט. ווען די שטאָדט וועט שלאָפען. ער האָט פּראָטעסטירט. וואָס פאַר אַ פרייע פוילען איז עס, אַז מען דאַרף זיך באַהאַלטען מיט אויספיהרען אַ שטראָף, וועלכע איהרע ריכטער האָבען געפונען פאַר גערעכט און נויטיג? ער האָט געפיהלט, ווי אָפצוזאָגען זיך פון דעם כבוד. וואָס פאַר אַ כבוד איז עס, אז ער וועט נאָר דאַרפען קאָמאַנדירען אין נאַכט און פינסטערניס, ווי אַ פיהרער פון אַ רויבער=באַנדע? אָבער ער האָט דאָך נישט געהאַט דעם מוט אָפצוזאָגען זיך. דער עיקר — עס זיינען געווען אַזוי פיעל בעלנים. איז עס ד אָ ך אַ גרויסער כבוד!

פאַרדראָסיג איז נאָר געווען, וואָס די בעשטימטע נאַכט איז אויסגעפאַלען זעהר אַ פינסטערע.

יאַנפּאָלסקי האָט זיך גענריכט אויף לבנה און שטערן, אויף דעם גאַנצן הימל פּויך און הימלשײַן. דאָס כאַטש! עס וואָלט אַזוי גרויסאַרטיג געווען. די פינף־און־דרייסיג אידן אויף איין זײַט, אַ צוויי־הונדערט פּוילישע סאָלדאַטן אויף דער אַנדער זײַט, אַנטקעגן די אידן, און איבער אַלעמען דער אויסגעשטערנטער הימל מיט דער ווײַסער לײַכטענדיגער לבנה, און ער, יאַנפּאָלסקי, אָנגעטאָן שפּאָגעל־נײַ, דאָס שווערד אַרויסגעצויגן, פינקלענדיג אין דעם לבנה־שײַן ... יאָ, עס וואָלט געווען גרויסאַרטיג!

אָבער די נאַכט איז אויסגעפאַלן זעהר אַ פינסטערע, דער הימל איז געווען באַדעקט מיט שווערע וואָלקענס. נאָר עס האָט נישט גערעגנט. נײַן, ווי אויף צו להכעיס. ווען עס וואָלט שטאַרק גערעגנט, וואָלט ער אפשר געקענט אָפּלעגן די שיסערײַ. פערדאַמטער אידישער מזל!

ער וועט מוזן געברויכען פאַקלען. און דאָס איז אַ טרייסט פאר איהם. אויך מיט פאַקלען וועט עס זיך זעהר גוט אויסנעמען. ערנסט אַזוי. מיסטעריש. די פרײַ־הייט־שיסערײַ אילומינירט מיט פאַקלען...

און דאָס נאָך האָט ער אויסגעפיהרט. נישט הינטער דער שטאָדט, אין פעלד, זאָל פאָרקומען די שיסערײַ, נאָר אין שטאָדט. און טאַקע אויפ'ן שטאָדט־מאַרק. אין גאַנצען באַהאַלטען זיך דאַרף פּוילען נישט אָנשטעהן. אויב אימיצער וועט זיך אויפכאַפּען פון שלאָף דורך דער שיסערײַ, איז זעהר גוט. וועט מען פרעגען, וואָס איז דאָס פאַר אַ שיסערײַ, און מען וועט זיך דערוויסען. דאָס האָט זיך פּוילען אויפגעכאַפּט פון איהר שקלאַפענשלאָף. דאָס איז פּוילען געקומען צו זיך. דאָס איז פּוילען געקומען צו פרײַהייט און מאַכט... און וועלען פארשפּעטיגטע אויף־זייער צוזאַמענקומען זיך אויף דעם טויטענגאַנג צו דעם שטאָדט־מאַרק, איז נאָך בעסער. דאָס וועט גראַד זײַן נאָך זײַן וואונש. וואָס מעהרער זאָלען עס נאָר זײַן. וואָס מעהרער.

אַ שאָד בלויז, וואָס די נאַכט איז אַזאַ פינסטערע. עס וואָלט גאַנץ גרויסאַרטיג געווען בײַ פולען לבנה־שײַן, ווען דער מאַרקפּלאַץ וואָלט באַדעקט געווען מיט מענשען. מילא. דאָס דאַרף מען פערגעסען.

## 3

און אזוי זיינען פינף=און=דרייסיג אידען אַרויסגעפיהרט געוואָרען אין מיטען דער פינסטערער נאַכט צו זייער טויט אויף דעם שטאָדט=מאַרק. אָהן אַ משפט. נאָר ווייל די בעפרייטע פוילען האָט געוואָלט פיהלען איהר מאַכט. פינף=און=דרייסיג אידען פון די בעסטע אין שטאָדט און לאַנד. מיט אידעען און אידעאַלען און דעם חלום פון אַ בעכערע וועלט. אַוועקגענומען פון אַ פערזאַמלונג, וועלכע האָט געדאַרפט ברייננען הילף צו הונגעריגע און עלענדע.

זיי האָבען געוואוסט, אַז מען פיהרט זיי צו זייער טויט, כאָטש מען האָט זיי קיין טויט=אורטייל נישט פאָרגעלייענט. די שפּעטע שעה האָט עס זיי שוין געזאָגט. און דאָס באַנעמען פון די אָפיצירען מיט די סאָלדאַטען. אַזוי פיינדליך, אַזוי שאַרף, אַזוי תליון'דיג.

זיי זיינען קוים געגאַנגען. די פיס האָבען זיך געבויגען אונטער זיי: אָפּגעזאָגט זיך צו געהן. אַ חלשות=גאַנג, מיט ציטערדיגען האַרץ, אָהן כחות.

וואָלט כאָטש געוועזען העל און ליכטיג! אך, יע, אויך זיי האָבען געוואָלט, עס זאָל זיין העלער טאָג. דאמאלס וואָלטען זיי אַזוי חלוש'דיג נישט געגאַנגען. דאמאלס וואָלטען זיי אפשר געגאַנגען מיט פעסטע שריט און אויפגעהויבענע קעפּ. אין דעם שטאָלצען באַוואוסטזיין פון זייער אונשולדיגקייט. זאָל די ליכטיגע זון, זאָל די גאַנצע וועלט זעהן, וואָס פאַר אַ פערברעכערישער מאָרד ער ווערט דאָ בעגאַנגען.

אָבער שטאַרבען אַ מיאוסען טויט, אַוועקגעפּטר'ט ווערען אין אַ דונקעלער נאַכט ערגעץ וואו הינטער דער שטאָדט אין מיטען פעלד — זיי האָבען נישט געוואוסט, אַז זיי ווערען געפיהרט צום שטאָדט=מאַרק. ניין, אויך דאָס האָבען זיי נישט געוואוסט. שרעקליך! — זייער בעהאַלטענער שטילער טויט וועט קיינעם נישט אויפטרייסלען. אן אומזיסטער טויט. וועט גאָרנישט אויפטאָן פאַר זייער פאָלק און דער גערעכטיגקייט. אומזיסטע קרבנות, וועלכע וועלען קיינעם נישט אויסלייזען און נישט אָפּריינינגען. דערפאַר זיינען זיי געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, קוים שלעפּענדיג די פיס, מיט חלשות=געפיהל.

אָבער די איבער צוויי=הונדערט פוילישע סאָלדאַטען זיינען געגאַנגען מיט פעסטע שריט, קלאַפּענדיג שווער מיט זייערע שווערע שטיוועל אויף דעם ברוק פון די

גאַסען. פאַן יאַנפּאָלסקי האָט זיי אַזוי געפיהרט. טראמפּ, טראמפּ... איינס צוויי, איינס צוויי... שווער געגאַנגען, רוישיג, קלאַפּענדיג, באַלויכטען פון פאַקלען.

האָבען זיך פענסטער געעפענט, קעפּ האָבען אַרויסגעקוקט, אויפגעוועקטע פון שלאָף אָדער אָפּגעריסענע פון עפּעס אַ שפּעטער אַרבייט, פון קארטענשפּיעל און אויך פון חצות אָפּריכטען.

אַן אויפשרייען, אַ געדעריי, פענסטער זיינען באַלויכטען געוואָרען, אויפגערעגטע מענשען האָבען זיך אָנגעהויבען שנעל אָנטאָן. און באַלד איז מיט די סאָלדאַטען געגאַנגען אַ גרויסער טייל פון די איינוואוינער פון די גאַסען, וועלכע זיי זיינען דורכגעגאַנגען אויפ'ן וועג צו מאַרק=פּלאַץ. דאָס רוב — אידען. די שטאָדט איז געוועזען אַ אידישע.

האָבען זיך די אידען געשפּאַרט צו די סאָלדאַטען. איינגעשטעלט מיט די אייגענע זייטען, ריזיקירט צו כאַפּען אַ קלאַפּ מיט אַ ביקס, און געשפּאַרט זיך צו די סאָלדאַטען. געוואָלט וויסען, וועמען מען פיהרט דאָ. כאָטש דאָס האַרץ האָט זיי שוין געזאָגט. אך, יע! און זיי האָבען דערקענט. מען פיהרט אידען. אוי, וועה! אוי, וועה! אידען פיהרט מען!

באַלד האָט אימיצער דערקענט אימיצען. אַ נאָכלויפער אַ געפיהרטען. אַן אויפגעשריי, אַ יאַמער, אַ האַנד=ברעכעניס. די אַלע פינף=און=דרייסיג זיינען דערקענט געוואָרען. ווער האָט זיי דען נישט געקענט אין שטאָדט? אָבער אויך גאַנץ נאָהענטע קרובים האָבען זיך געפונען צווישען די נאַכלויפער. אַ פאָטער, אַ מוטער, ברידער, שוועסטער, אַ ווייב, אַ קינד, א כלה... און פון דעם גרויסען עולם האָבען זיך אַ סך אָפּגעטיילט און זיינען אַוועקגעלאָפען אויפוועקען, אָנזאָגען, אויפהויבען אויף די פיס טאַטעס, מאַמעס, ווייבער, קינדער, ברידער, שוועסטער. און עס איז געוואָרען אַן אויפגעלאָף, מיט אַ געשריי, אַ געיאמער, אַ קרעכצעניס. מען איז געלאָפען פון ביידע זייטען פון די געפיהרטע, געגלאָצט מיט די אויגען אין דער פינסטערניס, אין וועלכער זיי האָבען זיך באַוועגט, און מען האָט געבראָכען די הענט, געצופּט זיך די האָר, און געקרעכצט: אוי! און אָי! דאָס אייביגע אידישע אוי! און אָי!

און די סאָלדאַטען זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם, רוישיג, מיט הילכיגען פוס=געקלאַפּ, מיט א גרויסער קעלט אין האַרצען, בייז אָפּשטופּענדיג די אידען און אידענעס, וועלכע האָבען זיך מיט קרעכצען און געיאמער צו נאָהענט צוגעשפּאַרט צו זיי און געשטערט זיי אין זייער גאַנג. און פאָראויס איז געגאַנגען פאַן יאַנפּאָלסקי, שטאָלץ און ווירדיג. ניין, נישט מעהר דער פיהרער פון אַ ביינאַכטיגער רויבער=באַנדע, וועלכע מוז טאָן איהר אַרבייט אָהן רעש, בגנבה, נאָר דער פיהרער פון פוילישע סאָלדאַטען, וועלכע געהען טאָן דעם ווילען פון דער מוטער פוילען, וועלכע איז פריי און זעלבסטשטענדיג, אָה, אַ גלענצענדע דעמאָנסטראַציע פאַר אַ גרויסען רוישענדיגען עולם ביי דעם שיין פון אַ סך פאַקלען.

אָבער אויך די פינף-און-דרייסיג אידען האָבען אויפגעהובען די קעפּ און זיינען אַ סך פעסטער געגאַנגען. ווירקליך — געגאַנגען פעסטער און מיט אויפגעהויבענע קעפּ. ווי זיי וואָלטען לעבען באַקומען. נישט, ווייל זיי זיינען אזוי אויפגעמונטערט געוואָרען פון דעם געיאמער און די הענד-ברעכענים און דעם אָדערען-צופּענדיגען אוי! און אָי!.. אָבער זיי וועלען נישט געטויט ווערען, ווי היימלאָזע קעץ און הינט, וועלכע די כאַפּער זאַמלען אויף אין גאַס. זיי וועלען נישט פערשווינדען בלא-יודעים, אַז אַ האָן וועט אַפילו נישט אַ קרעה טאָן. ניין, זייער טויט וועט איצטער אויפרוישען די וועלט. און אויפשוידערען זי. זיי וועלען זיין קרבנות, און נישט אומזיסטע. פוילען אין איהר פאַר'שיכורט'קייט מיט איהר ניי-געוואונענער מאַכט וויים נישט, וואָס זי טוט. דאָס פערברעכען, וואָס וועט דאָ באַלד בעגאַנגען ווערען, וועט זיך אָפּדריקען אויף איהר, ווי אַ קין-צייכען. אויף אייביג.

די פינף-און-דרייסיג האָבען זיך נישט צונויפגערעדט, און קיינער פון זיי האָט די דאָזיגע געדאַנקען הויך נישט אַרויסגעזאָגט. אָבער זיי זיינען געלעגען אין אַלעמען. אין יעדעם פון זיי. און פלוצלינג — פעסטע שריט און אויפגעהויבענע קעפּ.

און אַזוי זיינען זיי אָנגעקומען צום שטאָדט-מאַרק. די שטאָלצע פוילישע סאָלדאַטען אונטער דער פיהרונג פון דעם שטאָלצען פאַן וולאַס יאַנפאָלסקי, און די נאָך שטאָלצערע פינף-און-דרייסיג אידען. אַלע מיט פעסטע שריט, ווי אין פאַראַדע-מאַרש. נאָר די אידען, וועלכע האָבען באַגלייט די פיהרער און די געפיהרטע, האָבען אָנגעמאַכט אַ גרויסען רעש מיט זייער געיאָמער, און זייערע געשרייען, און זייער קרעכצען, שטופענדיג זיך צו די סאָלדאַטען, שפּאַרענדיג זיך איינע איבער די אַנדערע, אויסשרייענדיג נעמען, רעדענדיג גאַנץ פערלאָרען און משונה'דיג, ווי נאָר די פערצווייפלונג קען רעדען, און דער אונענדליכער שרעק. און די ליעבע — די ליעבע אין דעם שרעק פאַר'ן טויט.

די בעגלייטענדיגע קריסטען האָבען דערפאַר געטראָגען אויף זייערע פּנים'ער אַ גאַנץ פאַרעכטליכע גרימאַסע. און עטליכע האָבען אַפילו נאָכגעמאַכט און נאָכגעקרימט די אידען.

## 4

דעם גאַנצען וועג האָט יאַנפּאָלסקי געטראַכט, וואו זאָל ער אויסשטעלען די פינף=און=דרייסיג אידען און דערשיסען זיי מיט איין זאַלפּ. דער מאַרק=פּלאַץ איז געווזען אַ זעהר גרויסער. די ברייטע גאַס, אויף וועלכע ער איז יעצט צוגעקומען צו איהם מיט זיין קאָמאַנדא און די טויט=פּעראורטיילטע, האָט צוטיילט דעם פּלאַץ אויף כמעט צוויי גלייכע טיילען. לינקס פון דער גאַס און די אָנקומענדיגע, אין מזרח=זייט פון דעם פּלאַץ, איז געוועזען דער שטאָדט=גאָרטען. דער בולוואַר. גרויס און ברייט. זיין מיטען פראָנט האָט פאַרנומען דאָס שטאָדט=טעאטער. אַ גרויס שטיינהויז, מיט זיין גאַנצער ליינג אַריינגערוקט ווייט אין גאָרטען. אין צפון=זייט, לינקס פון דער גאַס, צווישען אַ רייהע קראָמען, דער פּוילישער קאסטיאָל. אַ גרויע געביידע, וועלכע האָט זיך יעצט קוים אַרויסגעזעהען. אָבער אין דער דרום=זייט, רעכטס און אַנטקעגען די אָנקומענדיגע, האָט פון דער פינסטערניס אַרויסגעגרויט דער ווייסער רוסישער קלויסטער, מיט דער לאַנגער ווייסער וואַנט, הינטער וועלכער עס האָט זיך פערבאָרגען אין דער נויטיגער שטילקייט אַן אַלטער=אַלטער מאָנאַסטיר.

די פינף=און=דרייסיג מוזען נאַטירליך צוגעשטעלט ווערען צו אַ וואַנט. אין אַ פעלד וואָלט ער זיי געלאָזען אַ פריהער אויסגראָבען זיך זייערע אייגענע קברים — אָדער אפשר וואָלט ער געלאָזען אַנדערע אויסגראָבען זיי די קברים, אויסגעשטעלט יעדען איינעם פון די פינף=און=דרייסיג פאַר זיין אייגענעם קבר און דערנאָך — שיס! אָבער אין דער שטאָדט מוז ער זיי צושטעלען צו אַ וואַנט. ווען ער וואָלט געפּאַרטיג, וואָלט אָפּטאָן די זאַך שטילערהייט, וואָלט ער זיי צוגעשטעלט צו דער געמויערטער וואַנט פון אָסטראָג, פון וואַנען ער האָט זיי יעצט צוגענומען. עק שטאָדט. אָבער ער האָט געוואָלט דורכאויס אויף דעם שטאָדט=מאַרק. פון פּוילענס הערליכקייטס ווענען. כדי מען זאָל וויסען. ביי וועלכער וואַנט זאָל ער זיי דאָ צושטעלען? צוויי ווענט קומען אין בעטראַכט. די הינטערסטע טעאַטער=וואַנט. אַ גרויסע, ברייטע. פינף=און=דרייסיג מענשען וועלען זיך לייכט אויסשטעלען. אַפילו ווען זיי וואָלטען געוועזען אַ סך דיקער, ווי די אידלעך דאָ. און אַפילו ווען נישט האַרט איינער ביים אַנדערען. און דאַן די קלויסטער וואַנט. אַ זעהר לאַנגע און דיקע ווייס=געקאַלכטע וואַנט. אַ פעסטונג=וואַנט, הינטער וועלכער די מאָנאַכען האָבען געמוזט פאַרשליסען זייער יצר הרע, האַהאַ. פאַן יאַנפּאָלסקי האָט צו זיך אַליין אָפּגעלאַכט איבער דעם וויץ.

יאַ, ביי דער קלויסטער־וואַנט. ער געדענקט נישט גענוי, נאָר איהם דוכט, אַז אין גאָרטען פאַר דער טעאַטער־וואַנט, וועלען די סאָלדאַטען נישט האָבען גענוג פּלאַץ. בוימער וועלען שטערען. די בוימער וועלען אויך אַוועקנעמען ביים אָנגעלאָפענעם עולם דעם אויסקוק. און עס וועט ווידער אויסקומען, ווי באַהאַלטען זיך. אויסער דעם — די סכנה, אַז אַ פּאָר קוילען וועלען דורכשיסען די וואַנט און נאָך אָנמאַכען אַ שרפה אין טעאַטער. און דאָס טעאַטער איז איהם זעהר ליעב. אין דעם טעאַטער שפּיעלט מען איצטער אויף פּויליש. פריהער האָט מען אין איהם געשפּיעלט אויף רוסיש. אָפט אויך אויף דעם פאַרפלוכטען אידישען זשאַרגאָן. עס וואָלט אפשר געווען גוט און פּאַסיג צו הייליגען דעם פּלאַץ מיט אידישען בלוט. דאָס וואָלט געווען אַ סימבאָל. אויף דעם בלוט פון איהרע פיינט איז אויפגעריכט געוואָרען פּוילען און די פּוילישע שפּראַך. אָבער ער טאָר נישט ריזיקירען מיט דעם טעאַטער. עס קען אויסברעכען אַ שרפה, ווען אַ קויל וועט דורכשיסען די וואַנט און טרעפען אַ שטיקעל דעקאָראַציע אָדער אין אַ שטיקעל מעבעל אָדער אין אַ ווייכען שטול פון פּאַרקעט. און אפשר וועט עס גאָר הייסען פאַראומרייניגען אַ פּוילישען קונסט־טעמפּעל מיט אידישען בלוט? ער וועט דאָך נישט צושטעלען די פינף־און־דרייסיג קרעציגע אידען צו דער וואַנט פון דעם קאָסטיאָל. גאָט באַהיט, דאָס וועט ער דאָך געוויס נישט טאָן. דאָס וואָלט געוויס געהייסען פאַראומרייניגען דעם קאָסטיאָל. דאַרף ער עס אויך ביים טעאַטער נישט טאָן. קלאָר און איינפאַך. אויך ביים טעאַטער נישט. ניין, נישט ביים טעאַטער, אין וועלכען מען שפּיעלט איצטער אויף פּויליש.

בלייבט די וואַנט פון דעם רוסישען מאָנאַסטיר. די בעסטע זאַך. די גלייכסטע. פאַראומרייניגען די וואַנט פון דער קירך, וועלכע האָט אַזוי לאַנג געטראָטען מיט איהרע פיס אַלע הייליגע געפיהלען פון דער מאַכטלאָזער פּוילען. און וועלען די קוילען דורכשיסען די וואַנט — — הלואי נאָר שיסען זיי זי דורך! דאָס איז זיין איינציגסטער וואונש. אזוי וואָלט ער דורכגעשאָסען דאָס האַרץ פון רוסלאַנד.

די טריט פון דעם קאָמאַנדירענדיגען אָפיציר יאַנפּאָלסקי האָבען פאַרלאָרען דאָס ביסעל אונזיכערהייט, וועלכע איז אין זיי געווען. איצטער האָט ער שוין געוואוסט, וואוהין ער געהט. און אַ פריידע האָט זיך אַריינגעגאָסען אין זיינע טריט. ווי אויסגעצייכענט, וואָס דער קלויסטער מיט זיין לאַנגער וואַנט שטעהט גראַד אויפ'ן מאַרקפּלאַץ. עפּעס ווי פאָרבאַשטימט. גאָט'ס פינגער. ביי דער דאָזיגער וואַנט וועט ער אין אָט דער פינסטערער נאַכט פערניכטען צוויי פיינד פון זיין פאַטערלאַנד. סימבאָליש, נאַטירליך. און אזוי וועט די וואַנט בלייבען שטעהן אויף דורות — אַ סימבאָלישער אָנדענק פון דער פערניכטונג פון פּוילענס פיינד.

ווען ער איז אַרויף אויפ'ן פּלאַץ, האָט ער דורכגעשטאָכען מיט זיינע אויגען די דיקע פינסטערנים פון דער נאַכט און אויפגעזוכט די ווייסליכע קאָנטורען פון דער וואַנט, און זיין האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט גרויסען האַס.

אָנגעקומען. שטעהן געבליבען. איצטער ווייסען אויך די פינף־און־דרייסיג, אַז דער מאַרק־פּלאַץ איז זייער לעצטער אָפּשטעל. ויחנו (וואַיאַכנו). דאָ. דאָ וועט עס געשעהן. און זיי ווייסען אויך, וואו. ביי דער קלויסטער־וואַנט. זיי קוקען אַריבער צו איהר. און זייערע הערצער ווערען זיי שוואַך.

וולאַס יאַנפּאָלסקי קאָמאַנדירט. הונדערט סאָלדאַטען טיילען אָפּ דעם אָנגעלאָפּענעם עולם, שטופּען איהם אָפּ ווייטער אין מאַרק אַריין, צום בולוואַר צו, און צו די אַרומיגע הייזער. מאַכען אַ קאָרדאָן. די איבריגע שטעלען אויס די פינף־און־דרייסיג ביי דער וואַנט. די געהען קוים, שעפּסען צו דער שחיטה. זיי ווערען מעהר געשטופּט. כל זמן זיי שטעהען נישט ביי דער וואַנט, איז נאָך פאַראַן אַן אַנטרינען. ביי דער וואַנט איז נישטאָ שוין מעהר קיין אַנטרינען. אויס. געהען זיי נישט. ווערען זיי געשטופּט און געשלעפּט צו דער וואַנט. בלייכע, פאַרלאָרענע.

זיי ווילען נישט שטאַרבען. פאר וואָס שטאַרבען? פאר וואָס קומט זיי דערשאָסען ווערען? עס איז גוט, וואָס די דאָרטען הינטען, שרייען אַזוי, שפּאַלטען אזוי דעם הימעל. איז פאַראַן דאָרטען אויבען איינער, וואָס זעהט און הערט? ניין, נישט אַלע פון זיי גלויבען אין איהם. אָבער זיי אַלע גלויבען אין דער עפענטליכער מיינונג פון דער וועלט, אין דער וועלט׳ס געוויסען. די שרייער און וויינער דאָרטין וועלען געוויס אויפוועקען דער וועלט׳ס געוויסען. און דאָס וועט זיין גוט. עס איז גוט אויפצואוועקען דער וועלט׳ס געוויסען. אָבער עס איז שווער צו שטאַרבען. אין אַ ווייל׳ע ארום — אין אַ מינוט שפּעטער — פאר וואָס?! פאר וואָס זאָלען זיי דערשאָסען ווערען? פאר וואָס זיי דער טויט?

איינער פון די פינף־און־דרייסיג האָט אויסגעשריען מיט אַ משונה׳דיגען קול: עס קומט איהם נישט! אַ צווייטער האָט אויסגעבראָכען אין אַ יאמער. אַ דריטער איז געפאַלען אין חלשות. מען האָט איהם געבראַכט צו זיך און אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט. משופּע׳דיג, די הענט הייגנענדיג, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען. ווי א שכור. אָדער ווי שוין א טויטער. נאָך עטליכע האָבען זיך צושריען און געלאָזט זיך שלעפּען צו דער וואַנט. ענדליך שטעהען זיי אַלע. אַלע מיט׳ן רוקען צו דער וואַנט. די אויגען, שווער פון טרערען, קוים אָפען. אָבער די אויערען נעמען נאָך אויף דעם געיאמער פון

די אידען הינטער דעם סאָלדאַטען־קאָרדאָן און די זידעל־ווערטער פון די פוילישע סאָלדאַטען.

און פּלוצלונג האָבען זיי זיך געפונען. אַלע פינף־און־דרייסיג. און זיינען געוואָרען רוהיג. צו וואָס זיך נאַריש און לעכערליך מאַכען אין העסליכער שוואַכקייט? זיי זיינען אויסגעוועהלט געוואָרען צום אייביגען קידוש השם. זיי מוזען שטאַרבען מיט ווירדע, שטאָלצע אידען.

ווי זיי וואָלטען זיך צונויפגערעדט. יעדער האָט אָנגעקוקט זיין שכן פון רעכטס און זיין שכן פון לינקס, אריינגעקוקט איינער דעם אַנדערען אין די אויגען ביים פּאַקעל־שיין, און האָבען זיך פאַרשטאַנען. שטיל געוואָרען. די קעפּ אויפגעהויבען. די טרערען איינגעהאַלטען. די אַלע פינף־און־דרייסיג, עלטערע און אינגערע און גאַנץ יונגע. אַלע דעם טויט־איבערגעגעבענע גרויע סילועטען ביי דער ווייסער קלויסטער־וואַנט. שטיל, רוהיג, אָפּוואַרטענדיג דעם טויט אין דעם שטאָלצען בעוואוסטזיין פון דעם נאַציאָנאַלען טראַדיציאָנעלען קידוש השם — דער הייליגונג פן דעם נאָמען פון דעם אידישען פאָלק און זיין גאָט און זיין צוקונפט...

אָבער די דאָרטין הינטען האָבען געיאמערט און געשריען און גערופען — גע־שפּאַלטען דעם הימעל. געוועקט אימיצען, עפּעס... גוט אַזוי... גוט אַזוי...

## 6

פּאַן יאַנפּאָלסקי איז זיך דורכגעגאַנגען האַרט ביים קאָרדאָן, איידער ער האָט אָפּגעגעבען די לעצטע קאָמאַנדאָס. ער האָט געוואָלט אָנזעהן דעם יאָמער־עולם און געלאָזען זיך צולייכטען מיט עטליכע פּאַקלען. נאָך אַמאָל אַזוינס וועט ער נישט אַזוי שנעל האָבען. ער איז געוועזען ערנסט. געזיכט און פיגור האָבען געטראָגען אויף זיך ווירדע און שטאָלץ פוּן דעם פּוילישען טריאומף.

די אידען הינטער'ן קאָרדאָן האָבען איהם באַגעגענט מיט וועה־געשרייען, מיט האָר־רייסענים און הענד־ברעכענים, מיט געבעטען און טענות. ער זאָל רחמנות האָבען! חניפה־ווערטער, הויכע טיטולען. דער פּאַן מוז זיך דערבאַרעמען. דער פּאַן מוז רחמנות האָבען! רחמנות! רהמנות!... יאַסנעוועלמאָזשני פּאַן!

אָבער פּאַן יאַנפּאָלסקי איז נאַטירליך נישט גערידהרט געוואָרען. ניין. ווירדע און שטאָלץ פון דעם פּוילישען טריאומף איז געגאַנגען לאַנגזאַם, מיט רוהיגע שריט, אין דער לייגג פון דעם קאָרדאָן. יאַ־אַ־אַ, פּוילען איז אויפגעשטאַנען פון איהר אַש און חורבן, פּוילען איז ווידער לעבעדיג געוואָרען, פּוילען האָט צוריק געוואונען איהר פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט און — מאַכט. די וועה־געשרייען און די פערצווייפ־לונג און דער שרעק זיינען איהם געוועזען אַ טריאומף־פּאַלאַנעז. אין זיי האָט ער ערסט דערקענט, אַז זיין פאַטערלאַנד האָט ווידער בעקומען מאַכט. מאַכט! די הונדערט־יעה־ריגע בּיינקענים!..

פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין זיין גאַנג. פון הינטער צוויי סאָלדאַטען אין דעם קאָרדאָן האָבען צו איהם אַרויסגעקוקט צוויי ברענענדיגע אויגען. פלאַמענדיגע, טרוקענע, אָהן טרערען. ער האָט זיך נעהענטער צוגעקוקט, צוגעבויגט די האַנט פון אַ סאָלדאַט מיט אַ פאַקעל.

אַ אידישע מיידעל. די האָר צושויבערט, ווייל זי איז אַרויסגעלאָפען פון מיטען שלאָף; קליידעל און בלוזקע קוים אַרויפגעכאַפּט אויף זיך. די ציינער צוזאַמענגעהאַקט, די ליפּען פעסט צוזאַמענגעפּרעסט. ער האָט געקענט פיהלען, אַז אהרע הענט, וועלכע ער האָט נישט געזעהען, זיינען געוועזען צונויפגעקרעמפּט אין פויסטען. און די אויגען, בייז און שטרענג, האָבען איהם געברענט. פלאַמענדיגער שטאָל.

ער האָט אָנגערוקט דעם שטערן און געקוקט צוריק מיט אַ בייזען שטרענגען בליק. ער האָט איהר שוין געוואָלט זאָגען, וואָס קוקט זי אַזוי. ווי דערוועגט זי זיך? אָבער דאָס וואָלט געוועזען עפּעס אונטער דער ווירדע. אונטער דער ווירדע פון דער פרייער פוילען, וועלכע איז ווידער נעקומען צו מאַכט. איז ער אַוועקגעגאַנגען ווייטער. אָבער ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט דעם בליק נישט געקענט אויסהאַלטען. דעם פלאַמען־בליק פון די ברענענדיגע אויגען פון דער אידישער מיידעל, וועלכע האָט נישט געוואָלט וויינען. יא, ער האָט ביי זיך געוואוסט דעם אמת. ער האָט נישט געקענט אויסהאַלטען איהר בליק.

ווירדע און שטאָלץ פון פוילען האָט זיך געפיהלט געקריינקט און באַליידיגט. ווי אימיצער וואָלט זי אַביסעל אַראָפּגעזעצט. אַ מינוט האָט ער געטראַכט אומצו־קערען זיך צוריק, ארעסטירען די העזה׳דיגע, נישט־ווירדיגע אידישקע און צושטעלען זי אויך צו דער וואַנט. אַ מינוט נאָר אזוי א טראַכט געטאָן. אָבער ער האָט זיך נישט אומגעקערט, נישט אַרעסטירט. איינפאַך נישט געוואָלט צו טאָן האָבען מיט דער נישט־ווירדיגער. אָדער אפשר — מורא געהאַט א קוק צו טאָן ווידער אין די ברענענדיגע אויגען? ניין, אין דעם וויל ער אַפילו זיך אַלייך נישט מודה זיין. אַ בייזער, אַן אונצו־פריעדענער, רייסט ער איבער זיין גאַנג אין דער לייניג פון דעם קארדאָן און געהט אוועק צו דער וואַנט און צו זיינע לעצטע קאָמאַנדאָס.

דער געשריי און דער געיאמער הינטער איהם האָבען זיך פאַרשטאַרקט. ער האָט עס געהערט. אָבער ער האָט נישט מעהר הנאה געהאַט. ער האָט פּשוט געפיהלט אויף זיין רוקען די צוויי ברענענדיגע אויגען פון דער אידישער מיידעל, וועלכע האָט נישט געוואָלט וויינען.

## 7

ביי דער וואַנט זיינען געשטאַנען די פינף=און=דרייסיג. גרויע ס׳ילועטען אונטער דעם ווינט=געבייטשטען פּאַקעלשיין. רוהיגע. געפּאַסטע. שטאָלצע אידען. קידוש=השם׳ניקעס. אָבער די צייט איז זיי געוואָרען לאַנג. פאַר וואָס געדויערט עס? וואָס וואַרט מען?

זיי רעדען נישט צווישען זיך. וואָס האָבען זיי זיך צו זאָגען? זיי וואָלטען אפשר געוואָלט וויסען, וואָס טראַכט יעדער איינער פון זיי וועגען אַ מינוט שפּעטער. נאָך דעם שאָס. וואָס וועט יעמאָלט זיין? נאָר עטליכע פון זיי גלויבען אין אַ דאָרטין, אַ יענער וועלט. אָבער אויך די אַנדערע וואָלטען געוואָלט וויסען. אויך די נישט=גלויביגע. ווי וועט עס טאַקע זיין אַ מינוט שפּעטער, נאָך דעם שאָס? דאָך זיי רעדען נישט צו זיך. קיינער זאָגט גאָרנישט.

אָבער יענע דאָרטין, אויף יענער זייט קאָרדאָן, די שרייער און וויינער, האָט מען יאָ עפּעס געדאַרפט זאָגען. אַן אבשידס=וואָרט. אַ שטאַרק וואָרט. דאָס פיהלען זיי אַלע. גלייכצייטיג. ווי צונויפגערעדט זיך. שטום אַוועקגעהן דאַרפען זיי נישט. מען מוז לאָזען אַ צוואה.

זיי האָבען זיך אָנגעקוקט. ווער וועט זיין דער זאָגער? און אַלע קעפּ האָבען זיך געדרעהט צו איינעם. אַ באַריהמטער רעדנער. נאָך גאָר א יונגער מענש. און ער איז געשטאַנען און געקוקט פאַר זיך אין דער פינסטערניס מיט אויסגעגלאָצטע אויגען. אין זיין קאָפּ האָט ער געהאַלטען אַ לאַנגע, שטורמדיגע רעדע, וואָס זאָל אויפציטערן די וועלט, אויפטרייסלען איהר געוויסען.

פלוצלינג ווערט אַ בעוועגונג צווישען די סאָלדאַטען. פאַן יאַנפּאָלסקי איז אַרויס אין פאָראויס. קאָמאַנדע. הונדערט=און=פופציג סאָלדאַטען שטעלען זיך אויס. אין פיער רייהען. נאָר עטליכע שריט פון די טויט=פעראורטיילטע. קאָמאנדע. די ביקסען ווערען אויפגעהויבען, אָנגעשטעלט, געציעלט.

די פעראורטיילטע וויסען יעצט. געקומען דער סוף. עטליכע הויבען אָן צו ציטערן אין אַלע אברים. עס וואַרפט זיי אַ צאָן אָן אַ צאָן. עטליכע האַלטען נישט אויס און צוואויינען זיך. ווער — הויך אופ׳ן קול, ווער — שטיל, נאָר די טרערען רינען, רינען. שווער צו שיידען זיך מיט׳ן לעבען. דער רעדנער שרייט פלוצלינג אויף.

הויך, שטאַרק, מיט מעכטיגער שטימע, וועלכע דאַרף אַריבערשרייען די ווייגער און אויפ־שוידערן די געשפּאַנטקייט, וועלכע הערשט ווייט אַרום:

„מיר זיינען אומשולדיג! אַ פאַרברעכען ווערט דאָ באַגאַנגען! אַ פאַרברעכען, פון וועלכען פוילען וועט זיך נישט...“

קאָמאַנדאַ. אַ זאַלפּ פון הונדערט־און־פופציג ביקסען. אַן אויפקרעכצען פון אַ טויט־שמערץ פון פינף־און־דרייסיג דערשאָסענע איינפאַכע אידען, וועלכע זיינען אין דעם מאָמענט געוואָרען העלדען און קדושים. אַ פערצווייפלונגס־געשריי פון דעם עולם הינטער דעם קאָרדאָן. דער געיאָמער פון אַ גרויסען בראַך.

קאָמאַנדאָ. און די פוילישע סאָלדאַטען טרעטען צו צו די געפאַלענע, די טויטע. קוקען זיך צו, צו איז נישטאָ אין וועמען נאָך אַ פונק פון לעבען. ניין, גוט געשאָסען. קיינער לעבט נישט. אָבער די קלויסטער וואַנט האָט געקראָגען אַ סך לעכער. און פאַן יאַנפּאָלסקי איז זעהר צופרידען. גראָד ווי געוואונשען. אָבער ער דערמאָנט זיך עפּעס, און קאָמאַנדירט אויס, מען זאָל צוטרייבען דעם עולם. האָט ער נאָך געדענקט די צוויי ברענענדיגע אויגען פון דער אידישער מיידעל? אָה, יע, גאַנץ מערקווירדיג. ער האָט זיי געפיהלט ביי זיך אין רוקען. זיי האָבען איהם איינפאַך געברענט.

דער קאָרדאָן נעמט זיך צו צוטרייבען דעם עולם. די שרייער און ווייגער ווילען נישט אַוועקגעהן, אָבער די סאָלדאַטען געברויכען די פריקלאַדען פון די ביקסען און זייערע פויסטען. זיי צוטרייבען דעם עולם.

איצטער איז בעסער. איצטער פיהלט זיך פאַן יאַנפּאָלסקי באַרוהיגט, און ער גיט אַרויס זיינע ווייטערע קאָמאַנדאָס. וואָס מען זאָל טאָן מיט די הרוגים. צום סוף גיט ער איבער זיין קאָמאַנדאַ צו אַן אינגערען אָפיציר, און ער אַליין פאַרשווינדט מיט נאָך אַן אָפיציר אין נאַכט און דונקעלהייט.

ער געהט שווייגענדיג. האָט נישט קיין לוסט צו רעדען, פיהלט, ווייל ער איז אַביסעל מיד און אָפּגעשפּאַנט. אָבער מעהר, ווייל ער איז איבערגעפילט פון שטאָלץ. פוילען, זיין פוילען, איז געקומען צו מאַכט, און ער איז געוועזען דער העראָלד, דער אָנזאָגער.

ער האָט געענדיגט די נאַכט מיט ווייך.

## 8

ווי די אידען פון דער שטאָדט האָבען גענענדיגט די נאַכט... נו, יא... מען האָט קוים דערלעבט, עס זאָל ווערען טאָג, און מען האָט אָנגעהויבען צו שיטען צו דער וואַנט. נאַטירליך, מען האָט געהאַט אין קאָפּ די גרויסע לויה. פינף=און=דרייסיג מיתות, פינף=און=דרייסיג קבורות. אָבער מען איז געלאָפען צו דעם אָרט, וואו זיי זיינען געפאַלען, די העלדען, די קדושים.

עטליכע מאָנאַכען האָבען זיך דאָרטען אַרומגעדרעהט. בייזע, אונצופרידענע. די וואַנט איז געוועזען דורכגעלעכערט ווי אַ זיפּ. די וואַנט פון אַ הייליגען קלויסטער. זיי האָבען געבורטשעט. געוויס נישט געבענשט פוילען און די פּאָליאַקען. אָבער אויך אויף די אידען האָבען זיי געקוקט קרום און כעס׳דיג. ווען עס וואָלט נישט געוועזען ווען צו דערשיסען, וואָלטען דאָ די לעבער נישט געוועזען. דאָך די אידען האָבען זיך נישט געלאָזט שטערען פון די מאָנאַכען. יונג און אַלט, מענער און פרויען, זיינען זיי דאָ ארומגעגאַנגען אין ביטערען געוויין. אויך אַ סך זיינען צוגעפאַלען צו דער וואַנט, דער עיקר איבער די לעכער און די בלוט=פלעקען. און געוואַשען זי מיט זייערע טרערען. און געקוסט זי. אידען די וואַנט פון אַ קלויסטער.

אך, יא... זיי האָבען זיך מעהר נישט געקענט מיט איהר צוש־ידען, מיט דער קלויסטער=וואַנט. פריהער פלעגען זיי פאַרביינגעהען פאַרביי איהר מיט אַ געוויסער אונרוהיגקייט אין זיך. אייגענטליך וואָס? אַ דיקע, וויים=געקאַלכטע מויער=וואַנט, הינטער וועלכער עס האָט זיך באַהאַלטען פון דער וועלט אַ מאָנאַסטיר מ׳ט רוסישע מאָנאַכען. אָבער די גרויע שטילקייט, די געהיימניספולקייט... און דער עיקר, די אידענפיינדליכקייט, די רשעות, וועלכע די אידען האָבען געשפּירט, ווי זי וואָלט אַריבערגעקוקט צו זיי פון דאָרטין, פון דער גרויסער שטילקייט, מיט טויזענטער האַס=אויגען, דאָס האָט אָנגעפילט די אידען מיט א ציטער. און גלאַט אַזאַ לאַנגע, לאַנגע טומאה=וואַנט. זיי פלעגען פאַרבייגעהן שנעל. ניט קוקען צו איהר און אַריבער איהר. שנעל, שנעל. געטריבען פון דער אונרוהיגקייט. אָבער פון איצט אָן האָבען זיי זיך מעהר נישט געקענט צושיידען מיט דער וואַנט. זיי זיינען געוואָרען מיט איהר נאָהענטע מהותנים. בלוט=מחותנים.

אויך פאַן וולאַס יאַנפאָלסקי איז עטליכע מאָל צוגעפאָהרען צו דער וואַנט. צום ערסטען מאָל אויף מאָרגען נאָך דער הריגה. ער האָט געוואָלט זעהן ביי זונענשיין, ווי די וואַנט זעהט אויס. און עס האָט איהם הנאה געטאָן. א טריאומף-שמייכעל האָט זיך צוגאָסען איבער זיין אויבערסטער ליפ אונטער די דיקע וואָנצעס. ער איז אויך אַריין אין דעם מאָנאַסטיר-הויף. נאָכגעקוקט, ווי ווייט די קוילען זיינען דערפלויגען. נאָכגעפרעגט זיך ביי עטליכע מאָנאַכען, וואו זיינען זיי געוועזען ביי דער שיסעריי. האָבען זיי זי געהערט? וואָס האָבען זיי געפיהלט בשעת מעשה? ער האָט זיך צולאַכט, ווען איינער פון די מאָנאַכען האָט איהם געזאָגט, ער האָט געמיינט, מען אַטאַקירט דעם מאָנאַסטיר. האַ-האַ-האַ!... דאָס איז אָבער אַ קאָלאָסאַלער שפּאַס. ער האָט געלאָזען דעם מאָנאַך איבער'חזר'ן עס אַ פּאָר מאָל. געמיינט, מען אַטאַקירט דעם מאָנאַסטיר! האַ-האַ-האַ... ווער אַטאַקירט? די באָלשעוויקעס, ימח שמם! ניין, דאָס מעג זיך דאָס פאָטערל אַרויסשלאָגען פון קאָפּ, דאַרף נישט מורא האָבען. נישטאָ קיין באָלשעוויקעס. דאָ הערשט איצטער פוילען! פארשטעהט ער? פ ו י ל ע ן  ה ע ר ש ט דאָ. פוילען! הערשט און וועט הערשען. ה ע ר ש ע ן ! די באַפרייטע און פרייע פוילען. די פון איהר אַש אויפגעשטאַנענע פוילען. דאָ דאַרף ער פאַר די באָלשעוויקעס גאָר נישט מורא האָבען. די לעכער אָט דאָ אין וואַנט וועלען זיין אַ גוטע וואָרגונג.. וואָס פוילען האָט געטאָן מיט די פינף-און-דרייסיג, וועט פוילען טאָן מיט אַלע איבריגע. פוילען, וועלכע איז געקומען צו איהר מאַכט.

ער איז אַוועק פון מאָנאַסטיר אַ שטאָלצער, אַ דערהויבענער. און ווען ער האָט געזעהן ביי דער וואַנט די פיעלע אידען, די וויינענדיגע און טענענ'דיגע, האָט ער נאָר געקענט גליקליך לאַכען. אָבער ער האָט אָפּגעהאַקט זיין לאַכען און אָנגערוקט אַרומגעקוקט זיך מיט זוכענדיגע אויגען. ער האָט זיך דערמאָנט אויף דער אידישער מיידעל מיט די פלאַמען-בליקען אין איהרע אויגען, וועלכע האָבען נישט געוויינט.

און אזוי יעדעס מאָל. ווען ער איז נאָר צוגעפאָהרען צו דער וואַנט — דעם עדות פון פוילען'ס מאַכט, — האָט ער געמוזט טראַכטען וועגען דער אידישער מיידעל מיט די ברענענדיגע אויגען. ער האָט זיך שטענדיג געריכט, אַז ער וועט זי דאָרטען אָנטרעפען, און פלעגט מאַכען אַ שטרענגע אָנגערוקטע מינע. אָבער ער האָט זי נישט אָנגעטראָפען, כאָטש דאָרטין זיינען שטענדיג געוועזען אַ סך אידען.

אַ סך אידען, מאַסען אידען. ווייל נישט נאָר די אידען פון דער שטאָדט, און זיי זיינען געוועזען גרויס אין צאָל, נאָר אויך פון נאָהענט און ווייט, ווען עס האָט זיך זיי געמאַכט דורכצופאָהרען די שטאָדט, האָבען געמוזט באַזוכען די וואַנט און אָנקוקען זי מיט טרויער-אויגען, מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, פאַר'אבל'ט און פארצאָגט. און אויך אָנרידהרען זי, ווי מען ריהרט אָן צום לעצטען מאָל אַ טויטען פריינד. און אָפּטמאָל אויך צודריקען זיך צו איהר מיט'ן הייסען שטערען און באַגעצען זי מיט טרערען, און אויך קוסען זי. אַך, יאָ...

די וואַנט האָט אויפגעהערט צו הייסען די מאָנאַסטיר=וואַנט אָדער די קלויסטער=וואַנט. נאָר בלויז: די וואַנט. זי האָט מעהר נישט געהערט צו דעם מאָנאַסטיר; נאָר צו די אידען. פאַר'קרובה'ט דורך דאָס פאַרגאָסענע אידישע בלוט. אַ לייבליכע באַציהונג געוואָרען. און האָבען אידען פון איהר גערעדט, האָבען זיי צוגעגעבען צו איהר לייבג און צוגעגעבען צו איהר הויך. אַ מערקווירדיגע וואַנט. אַ ריזען=וואַנט. אַ וואַנדער=וואַנט. די וואַנט. זייער וואַנט.

## 9

און דאַן איז געקומען דער זעהר הייסער זומער. דער זומער פון גרויסע שרפות. אין די שטאָדט האָט אָפּגעברענט. מען ווייס נישט, וואו די שרפה האָט זיך אָנגעהויבען. מיט אַמאָל האָט עס אָנגעהויבען צו ברענען ביי די זייטען, און אין מיטען, אומעטום. ווי אַ פייער וואָלט אַראָפּ פון הימעל און אַלץ אָנגעצונדען. די באַמיהונגען פון די פייערלייט זיינען געוועזען גאַנץ אומזיסט. דאָס פייער האָט גענומען די אויבערהאַנט. ער האָט אויפגעהערט, ווען עס איז נישט געוועזען מעהר וואָס צו פאַרברענען. אַלץ האָט ער אויפגעגעסען. גאָרנישט האָט נישט געקענט ביישטעהן פאַר זיין קראַפט. נישט בלויז די הילצערנע געביידעס, נאָר אויך די שטיינערנע מויערען און ער האָט אויך פאַר קיינעם קיין דרך ארץ נישט געהאַט און קיינעם נישט געשאַנעוועט, אָרים און רייך, איד און קריסט. אָפּגעברענט אַלע שולען — איינע פון זיי אַ זעהר, זעהר אַלטע; געקענט דערצעהלען פון הונדערטער און הונדערטער יאָהרען פון דעם אידישען לעבען אין דער דאָזיגער שטאָדט. אַוועק מיט'ן פייער דער פוילישער קאָסטיאָל. אין דאָס שטאָדט־טעאַטער — זיין הויכע הינטערסטע וואַנט, וועלכע איז געשאַנעוועט געוואָרען פון אַ שיסעריי איינמאָל אין אַ פינסטערער נאַכט, איז איינגעפאַלען מיט אַ ריזיגען קראַך. אויך פון דעם רוסישען קלויסטער מיט דעם מאָנאַסטיר איז נאָר געבליבען אַ הויפען שטיינער. אָבער — — —

די וואַנט!

די וואַנט איז געבליבען!

דאָס פייער האָט געאַרבייט אויף איהר זעהר שווער. ער איז אויף איהר אָנגעפאַלען פון אַלע זייטען. דורכגעגאַנגען זי איבער דער גאַנצער לייננ פון אויבען, באַלעקט זי אין איהר גאַנצער לייננ פון אונטען, געוואָרפען זיך אויף איהר מיט זיינע פלאַמען־שפּיזען פון פאָרענט און פון הינטען. און אַט האָט ער ענטדעקט די פיעלע לעכער, וועלכע די קוילען האָבען אין איהר געמאַכט אין דער פינסטערער נאַכט. העי, האָ, דאָס איז אָבער א גליק! איצטער וועט ער זי קענען בייקומען. ער האָט אַריינגעשטעקט זיינע פלאַמענצונגען אין די לעכער — איצטער האָט ער אַ גוטען אָנהאַלט. איצטער וועט ער זי צורייסען אויף שטיקער. מעהר און מעהר האָט ער אַריבערגעשיקט זיינע שטראָמען פון דעם אין פלאַמען שטעהענדיגען מאָנאַסטיר און פון ווי די ליכט ברענענ־

דיגע אַרומיגע הילצערנע געביידעס, דורכגעדרונגען די קוילענלעכער מיט פלאַמען-שפּיזען, וועלכע האָבען זיך דאַן פאַרבויגען און געענגבוירט זיך אין דער וואַנט. אָבער די אַלע אַטאַקעס זיינען געוועזען אומזיסט. אין הויפען ליגען דער מאָנאַסטיר און דער קלויסטער, פון די אַרומיגע געביידעס איז געבליבען נאָר אַש און קויל. די וואַנט איז געבליבען. פערוויכערט, שוואַרץ, אָבער גאַנץ, אונבאַריהרט. דאָס פייער איז געוועזען צו שוואַך פאַר איהר. אָדער ווי עפּעס וואָלט איהם געלאָשען. פיליכט די בלוט-פלעקען פון די פינף-און-דרייסיג קדושים?

די גאַנצע באַפעלקערונג איז געלאָפען אויף דאָס וואונדער. די גרויסע שרפה-קאַטאַסטראָפע האָט נאַטירליך אַלעמען נידערגעשלאָגען. מען איז געבליבען היימלאָז, אָהן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ, נאַקעט און הויל, און אָהן מיטלען אַ טאָג איבערצולעבען. מען איז אַרומגעגאַנגען אַרום די חורבות פון די נעכטיגע היימען גאַנץ פאַרצווייפעלט און מוטלאָז. אָבער פּלוצלינג ווערט מען געוואָהר, אַז די וואַנט איז געבליבען גאַנץ. און מענשען הויבען אויף די קעפּ. עפּעס צינדעט זיך אָן אין זיי. אַ פאַרוואונדערונג, אַן ערשטוינונג, אַ נייגעריגקייט. אויגען פלאַקערען אויף. ווירקליך? די וואַנט? יא, ווירקליך. די וואַנט, גאַנץ און אונבאַריהרט. זי אַליין פון אַלע, וואָס איז געוועזען געבויט און געמויערט אין שטאָדט. און מענשען רייסען זיך אָפּ פון די אַש און קוילען פון זייערע היימען און לויפען צו דער וואַנט. מען טרעט נעהענטער צו איהר צו. מען בעטאַפּט זי. מען בעטראַכט די לעכער. מען זוכט די בלוט-פלעקען. מען ווייס גענוי, וואו זיי זיינען געוועזען. דאַרף מען עס גאָר וויסען און געדענקען? מען זעהט זיי דאָך גענוי! אָט זיינען זיי די בלוט-פלעקען פון די הייליגע מאַרטירער. פאַרסמאַליעט אַביסעל, אָבער נישט אויסגעברענט. אויך זיי זיינען געבליבען! די בלוט-פלעקען, וועלכע האָבען דאָס פייער געלאָשען און די וואַנט באַשיצט...

איד און קריסט זיינען געשטאַנען פאַר דער וואַנט און האָבען זיך איבערגע'צלם'ט און זיינען ערנסט געוואָרען, אָבער אידישע אויגען האָבען געפלאַקערט. דאָס איז זייער וואונדער. זייער וואַנט איז געבליבען. דאָס פייער האָט נישט געקענט בייקומען זייער וואַנט. כדי זי זאָל בלייבען שטעהן — צו אייביגען אנדענק פון דעם אונשולדיג פאַרגאָסענעם אידישען בלוט.

## 10

אויך וואַס יאַנפּאָלסקי האָט דערהערט פון דעם וואונדער און איז אַראָפּגעקומען עס אָנזעהן זיך. פון אַלע געביידעס אין דער הערשאַפט פון דעם פייער איז געבליבען אַליין די מאָנאַסטיר־וואַנט. דאָס האָט ער זיך געמוזט אָנזעהן. און ער איז געקומען און האָט זיך אָנגעזעהען און איז געוועזען זעהר צופרידען. די דערמאָנונג און ווארנונג איז געבליבען גאַנץ. דער אנדענק פון דעם, אַז פוילען איז ווידער געקומען צו איהר מאַכט. אָבער פאַר וואָס לייכטען אַזוי אידישע אויגען?

און פלוצלונג האָט ער דערפילט אַ ברען אויף זיין רוקען. ער האָט זיך האַסטיג אומגעדרעהט. ער האָט דערקענט די מיידעל מיט די ברענענדיגע אויגען. זי האָט אויף איהם געקוקט מיט איהרע פלאַמען. שטרייננג און בייז, אָבער אויך ווי אַ טריאומפאַטאָרין, ווי אַ זיגערין. און ווידער די ציינער צוזאַמענגעהאַקט, די ליפען פעסט צונויפגעפרעסט, און די הענט טאַקע אין פויסטען. ער האָט זיך אָנגעצונדען. די העזה פון אַ נישטווירדיגער אידישקע! וואָס קוקט זי אזוי אויף איהם? ווי דערוועגט זי זיך?

ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צו דער מיידעל. שטרייננג, בעס׳דיג. זי איז געשטאַנען רוהיג און האָט איהר בליק נישט געביטען. ווי זי וואָלט געוואַרט אויף איהם. ער איז שטעהן געבליבען און האַסטיג אומגעקוקט זיך אויף די אַרומיגע אידען.

איהם איז מיט אַמאָל קלאָר געוואָרען. איצטער וויים ער, פאַרוואָס עס לייכטען אַזוי די אידישע אויגען. דאָס איז זייער וואונדער. די וואַנט איז געבליבען צו פאַראייביגען אַ פאַרברעכען, וואָס פוילען איז באַגאַנגען געגען זיי. די מיידעל ברענט איהם מיט די אויגען, ווי אַ טריאומפאַטאָרין, ווייל די וואַנט איז פוילענס אייביגע שאַנד. פוילענס אייביגע שאַנד! אהו! אויך די קריסטען, וועלכע דרעהען זיך דאָ אַרום, באַטראַכטען די וואַנט, קענטיג, אַלס אַ אידיש וואונדער. זיי געהען אַרום אַזוי פאַרשעמט צווישען די אידען. פאַרפלוכט! ער וועט זיי מוזען אויפקלערען, אַז דאָס איז אַ פוילייש וואונדער. די וואַנט איז געבליבען אויף אָנצוזאָגען אויף אייביג די גרויסקייט פון פוילען, וועלכע איז געקומען צו איהר מאַכט!

אָבער ער איז גלייך אַוועקגעפאָהרען. ער האָט די בליקען פון דער מיידעל נישט געקענט פאַרטראָגען און דאָס לייכטען פון די אידישע אויגען. און וועדליג זיין האַרץ האָט אין איהם געקאָכט, איז איהם דאָך אַן אונרוה באַפאַלען. די נייס וועגען דער

איבערגעבליבענער וואַנט האָט זיך שוין מסתמא פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. די אידען האָבען זי געווים פאַרשפּרייט. אַלס זייער וואונדער. אַלס אַ צייכען פון זייער גאָט. געראַטעוועט געוואָרען די וואַנט, צו וועלכער פינף-און-דרייסיג אידען זיינען צוגעשטעלט און דערשאָסען געוואָרען. די וואַנט איז שטעהן געבליבען אַלס אַנדענק פון אַ שווערען פאַרברעכען פון פוילענס בייזען ווילען צו מאַכט. דאָס האָבען געזאָגט דער מיידעל'ס פלאַמענאויגען. דאָס האָבען אויף זיך געטראָגען די געזיכטער פון די איבריגע אידען. און אַזוי וועלען זיי עס פאַרשפּרייטען איבער דער גאַנצער וועלט. איבער דער גאַנצער וועלט... און זייערע זשורנאַליסטען שרייבען שוין מסתמא לאַנגע אַרטיקלען, און זייערע פּאָליטיקאַנטען וויצלען זיך איבער פוילענס פאַרברעכען, איבער פוילענס שאַנד.

אָה, די אידען!... זיי קענען קיינמאָל נישט אויפהויבען זיך איבער זיך אַליין. דאָס געמיינע פאַראַזיטען-פאָלק! דאָס פאַקטאָרלעך-פאָלק!

פוילענס פארברעכען! פוילענס שאַנד! פוילען האָט געמוזט באַווייזען, אז זי איז געקומען צו מאַכט. די אידעלעך קענען עס נישט באַגרייפען, און זיי שרייען, און זיי קוויטשען... פוי!...

ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט ער זיך גענומען צום וויין. און שטאַרק ער האָט געוואָלט פאַרגעסען די וואַנט.

11

דאָך די מיידעל מיט די פייער־אויגען, וועלכע האָט נישט געוואָלט וויינען, האָט לאַנג געברענט דעם אַוועקפּאָהרענדיגען אָפיציר מיט איהרע פלאַמען. ביז ער איז פאַר־שוואונדען. דערנאָך האָט זי זיך צוגעשטעלט צו דער וואַנט און מיט הויכער שטימע געווענדט זיך צו די אידען:

„ברידער, די וואַנט האָט דעם פּאַן געזאָלט זיין אַן עדות פון פוילענס ניי־גע־וואונענער מאַכט, אונז איז זי אַן עדות פון אַ בלוטיגען אונרעכט. אָבער זי איז אונז נאָך עפּעס אַנדערש. זי איז אונז דער עדות פון אונזער מאַכטלאָזיגקייט, פון אונזער הפקר־צושטאַנד. דאָס וואונדער, וואָס איז געשעהען מיט דער וואַנט, וועט פאַראייביגען דאָס אונרעכט. פאַראייביגט אָבער אויך דעם צייכען פון אונזער מאַכטלאָזיגקייט. איהר שרייט און יאָמערט און קרעכצט, אום אויפצוטרייסלען דער וועלט'ס געוויסען געגען דעם בלוטיגען אונרעכט. אָבער וואָס געהט איהר טאָן, אום זיך אַליין אויפצוטרייסלען גע־גען אונזער הפקר־צושטאַנד און אונזער מאַכטלאָזיגקייט?“

זי איז אַנטשוואונדען געוואָרען. אַרומגעקוקט זיך. געוואַרט אויף אַן ענטפער.

אָבער יעמאָלט האָבען זיך די אידען דערמאָנט, אז זיי זיינען נשרפים. היימלאָז און ברויטלאָז. זיינען זיי זיך צולאָפען יעדער צו זיין אַש און קויל, צו זיין א י י ג ע נ ע ר גויט און זיין א י י ג ע נ ע ם פּעקעל צרות.

1921.

1

ווייל ער האָט געדאַרפט מאַכען אַ לעבען, האָט ער געשריעבען צוויי ערצעהלונגען אַ וואָך פאַר אַ טעגליכער צייטונג און יעדען ווינטער צוגעשטעלט איינעם פון די אידישע טעאַטערס איינע אָדער צוויי פיעסען.

ער איז געוועזן אַ קינסטלער און איז געווען טאַלאַנטפול. ווען ער האָט אָנגעהויבען איז ער געוועזן אַ גרויסע האָפנונג. מען האָט זיך פיעל פאַרשפּראָכען פון איהם. ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער יונגער אידישער ליטעראַטור זיין אייגענע וועלט און זיין אייגענעם קוק אויף וועלט און מענשען. און אויך זיין אייגענע קונסט, אין שפּראַך און פאָרם, ארויסצוברייגען און איבערצוגעבען, וואָס ער האָט געזעהן און איבערגעלעבט. אָבער ווייל ער האָט געדאַרפט מאַכען אַ לעבען...

האָט ער קיין צייט נישט געהאַט אָפּצושטעלען זיך, אָנצוכאַפּען דעם אָטעם און אַרומצוקוקען זיך אַרום זיך. ער איז געוואָרען טויב און בלינד צו די גרויסע געשעהעניסען פון דער צייט. און האָט ער זיך צוגעווענדט צו זיי, איז עס געוועזן אויבענאויפיג, פאַרבייגעהענדיג, אַפילו לעכערליך. ער האָט נישט געהאַט די מעגליכקייט צו פערטיעפען זיך, אויפצונעמען די ערשיינונג און איבערקראָכען זיי גוט און גרינדליך אין דער לאַבאָראַטאָריע פון זיין בעדייטענדען טאַלאַנט.

וואָס נאָך ערגער: די צייטונג און דאָס טעאַטער האָבען נישט געוואָלט קיין פערטיעפונגען. דער עולם, האָבען זיי געטענ׳עט, וויל נישט קיין טיעפע פּראָבלעמען, מאַכט זיך נישט אויס פון קונסט. קונסט און טיעפע פּראָבלעמען זיינען איהם לאַנגווייליג, און ער וויל זיך אַמוזירען. דער עולם וויל געקיצעלט ווערען. יאָ, נאָר פון אויבען, נאָר פון אויבען. אין דער טיעף איז גוט דערטרינקען זיך.

האָט ער אויסגענוצט אַלע בעגעבעניסען פון זיין אייגענעם לעבען, הונגעריג אויפגעכאַפּט די פערשיעדענע געשעהעניסען אין דעם לעבען פון זיינע פריינד און בעקאַנטע, פאַרוואַנדעלט אין קורצע סקיצען און לאַנגע דראַמען יעדעס שטיקעל אינטריגע, וועלכע ער האָט דורכגעלייענט אין די צייטונגען, אויסגעטריקענט זיך דעם מאַרך אין אויסטראַכטען מעשות און צוגעשטעלט פּינקטליך יעדע וואָך צוויי קיצעלדיגע, אויבענאויפיגע ערצעהלונגען און יעדע סעזאָן איינע אָדער צוויי אַמוזירענדע דראַמען. זייט יאָהרען און יאָהרען. ווייל ער האָט געדאַרפט אַ לעבען מאַכען.

אָבער טיעף אין זיך איז ער אונרוהיג געווען. ער איז געווען עהרליך און איז געווען אַ קינסטלער. ער האָט געוואוסט, אַז ער טוט נישט ריכטיג. ער פערשווענדט זיך אויף נישטיגקייטען און אויבערפלעכליכקייטען און זינדיגט געגען זיך אַליין און געגען אַ כלל, וועלכען ער איז שולדיג די דערפילונג פון אַ האָפנונג, דאָס האַלטען פון אַ פאַרשפּרעך, און טיעף אין האַרצען האָט ער זיך געשעמט.

אַרום איהם האָט געשטורמט, און ער איז געשטאַנען אין מיטען און אונגעשטערט געקיצעלט דעם עולם מיט די קליינליכסטע נישטיגקייטען. און האָט ער אויפגעכאַפּט עפּעס פון׳ם שטורם, איז דאָס שטענדיג געווען עפּעס אויף צו קיצלען און צו אַמוזירען — אין טאָן און פאָרם און אינהאַלט עטוואָס, וואָס זאָל געפעלען ווערען דעם גרויסען עולם און אַפילו דער איינפאַכסטער „יענטע“. ווייל דאָס האָבען געפאָדערט די צייטונג און דאָס טעאטער: אויך דער איינפאַכסטער „יענטע“!

אָפט האָט ער זיך אַפילו געפיהלט אומגליקליך. דאָס איז געווען אין די מאָמענטען, ווען ער פלעגט אויסגעפילט ווערען פון אַ טיעפער בענקענים נאָך אמת׳ען שאַפען, נאָך קינסטלערישען אויסלעבען זיך. ער האָט געהאַט גרויסע פלענער, נאָך פון אַ מאָל. כמעט פון אָנהויב פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט. אָבער איצטער האָט ער מורא געהאַט אַ טראַכט צו טאָן וועגען זיי, און אויך קיין צייט נישט געהאַט. איז ער פאַרטיג געוואָרען מיט איין קליינער ערצעהלונג, האָט ער זיך גלייך געמוזט פערנעמען מיט דער צווייטער, און צווישען איז ער אויסגעפילט געווען מיט אויסטראַכטען און אויפשרייבען לאַנגע, אָוונט=אויספילענדיגע פיעסען — און אַלץ האָט געמוזט זיין אמוזירענדיג, קיצלדיג, יענטיש.

## 2

איינמאָל האָט ער געקראָגען אַ בריעף, געשריבען אויפ׳ן פּאַפּיער פון אַ גע־
ווּיסער אמעריקאַנער געזעלשאַפט, וועלכע גיט זיך אָב מיט שטודירען דעם קולטור־
צושטאַנד פון די פערשיעדענע אימיגראַנטען־גרופּען. דער אויף דער שרייבמאַשינע
אָבגעקלאַפּטער בריעף איז געווען אונטערגעשריעבען אירמאַ רינגעל, און די
אירמאַ רינגעל האָט פון איהם פערלאַנגט אן אינטערוויו אין אַ פראַגע בנוגע דער אידי־
שער ליטעראַטור. זי האָט איהם געבעטען צו ענטפערן איהר שריפטליך אדער אברו־
פען זי אין א בעשטימטער שטונדע אין איהר אָפיס.

ער האָט זי אָפּגערופען. ערסטענס, עס איז איהם לייכטער געוועזען ווי אנצו־
שרייבען א בריעף, דער עיקר נאָך אן ענגלישען בריעף. צווייטענס, האָט ער געוואָלט
הערען איהר שטימע. ער וועט דאַרפען זיצען מיט דער אירמאַ רינגעל א פערטעל
אָדער א האַלבע שטונדע, האָט ער געוואָלט האָבען א בעגריף כאָטש פון איהר שטימע.

די שטימע האָט איהם געקלונגען האַרט און נישט פריינדליך. די אונגעזעהענע
אירמאַ אויף דער אַנדער זייט פון טעלעפאָן איז געווען וואָרטקאַרג. איהרע איינצעלנע
ווערטער האָט זי ארויסגערעדט שאַרף, קאַלט, אָבגעהאַקט. ער האָט זי געפרעגט, ווי
ער דאַרף זי טיטולירען: מיס אָדער מיסיס? „מיס,“ האָט עס ארויסגעברומט אויף
דער אַנדער זייט, אייזינקאַלט, ווי אַ פערבאָט צו פלירטען. עס איז געווען א קול אָהן
אַ שמייכעל אין איהם.

ער האָט זיך עפּעס געשראָקען פאר איהר קומען. דאָס מוז עפּעס זיין אַ בייזע
אַלטע מויד. און זיכער אַ מיאוסע. אַ העסליכקייט. ער האָט זיך פערקרימט.

אָבער באַלד האָט זיין געזיכט אויפגעלויכטען: ער האָט א טעמאַ פאר אן ער־
צעהלונג! ער האָט זיך געכאַפּט צום שרייבגעצייג, אויפגעשריעבען מיט גרויסע אותיות
מיין אינטערוויוערין; אונטערגעפיהרט אונטער די צוויי ווערטער א שוואַר־
צע ליניע און גענומען אריינאַרבייטען זיך אין דער ערצעהלונג.

אין דער אָבגערעדטער שעה איז ער געזעסען ביי זיין שרייבטיש איבער דער דאָ־
זיגער ערצעהלונג. ער האָט שוין געהאַט פאַרטיג דעם גאַנצען אריינפאָהר. איצטער
האָט ער געדאַרפט האָבען די איינצעלהייטען און די ענטוויקלונג. אָבער ער האָט שוין
בעשריעבען איהר אויסזעהן — דאָס אויסזעהן פון דער אַלטער, מיאוס׳ער און בייזער

מויד מיט אַ קול אָהן אַ שמייכעל. ער איז געווען געשפּאַנט צו זעהן, צי ער האָט געטראָפען.

ווען ער האָט זי דערזעהן, איז ער פערגאסט געוואָרען און ווי געבליעבען אָהן לשון.

פאַר איהם איז געשטאַנען א יונג מיידעל, אין אָנהויב פון די צוואַנציגער, און פון אַ פערכאַפּענדיגער שיינהייט. עטוואָס איבער מיטעלוואוקס, שלאַנק, קרעפטיג, קורצע, אָבגעשאָרענע שאָקאָלאַדען־האָר, אַ לענגליך מאָט געזיכט, אין וועלכען יעדע ליניע, ווי יעדע ליניע פון איהר בויגינער געשטאַלט, האָט גערעדט פון קראַפט, ענטשלאָ־סענהייט און גרויסער פאָרנעמקייט. און וואָס פאַר אויגען! וואָס פאַר גרויסע, גרויע, דורכדרינגענדע אויגען! וויפיעל קלוגהייט איז געלעגען אין זיי, וויפיעל אינטעליגענץ, און וויפיעל זעלבסט־בעוואוסטזיין.

און וויפיעל ווייבליכער רייץ! זי איז געווען אָנגעטאָן זעהר איינפאַך, אָבער אַלץ האָט פון איהר אראָבגעזוונגען, אַלץ אויף איהר האָט געפרעהט דאָס אויג מיט גרוי־סער ריינהייט און ציכטיגקייט.

ער האָט געמוזט נישט ווילענדיג, ווי בגנבה׳דיג, א פיהר טאָן דעם קאָפּ אין דער זייט פון דער אָנגעהויבענער ערצעהלונג און אויפגעלאַכט אין זיך. און דערנאָך וויע־דער אָנגעקוקט די אירמאַ רינגעל, פערגאַפט, אָהן ווערטער, ווי אַ ביסען וואָלט איהם געבליבען שטעקען אין האַלז.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, נישט דערוואַרטענדיג זיך, ביז ער וועט זי בעטען זיצען, ארויסגענומען פאַפּיער און בלייפען און צוגעגרייט זיך צו שטעלען פראַגען און צו פערשרייבען די ענטפערס. זי האָט זיכער בעמערקט, וואָס פאַר אַן איינדרוק זי האָט אויף איהם געמאַכט, אָבער איהר געזיכט האָט עס נישט ארויסגעוויזען. זי האָט איהם אָנגעקוקט קאַלט, גלייכגילטיג, אפילו אָהן העפליכקייט. זי איז דאָ געזעסען, ווי אַן אונטערזוכונגס־ריכטער פאַר דעם אָנגעקלאָגטען. און מיט דעם טאָן פון אַן אונטער־זוכונגס־ריכטער האָט זי אויך אָנגעהויבען:

„איך האָב עטליכע פראַגען צו שטעלען. ווילט איהר מיר זאָגען...“

ער האָט זי איבערגעריסען:

„וואָס ווילט איהר פון מיר וויסען?“

זיין שטימע האָט געקלונגען צונויפגעפּרעסט פון איבעראַשונג. ער האָט אָבגע־הוסט און איז געקומען אין גאַנצען צו זיך, אויפגעטרייסעלט זיך.

און אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ צום פּאַפּיער.

ער איז געווען בלייך. נאָך א קליינער פאוזע האָט ער שטיל געענטפערט:

איך וועל אייך יעצט גאָר ניט קאָנען זאָגען.“

זי איז אויפגעשטאַנען און אוועקגעגאַנגען: „גוד באַי!“

ער האָט קוים אָבגעענטפערט.

3

ער איז געווען גאַנץ צושמעטערט. נישט פון דעם, וואָס זי האָט געזאָגט, נאָר ווייל זי האָט עס געזאָגט. די אָנקלאַגע איז איהם נישט ניי געווען. זי איז איהם געלעגען אין די גליעדער. ער האָט נישט געלעבט אין טעות. די, וועלכע שרייבען פאַר'ן טאָג, האָבען קיין צוקונפט נישט און בויען נישט קיין צוקונפט, ווי די איינמאָגיגע זומערפויגעלעך, און מאָגען זיי ווי נאָך שיין זיין. און ער האָט אַפילו אויפגעהערט אין זיינע שריפטען שיין צו זיין. ער האָט זיך אַליין וויפיעל מאָל אָנגערופען מיט די ערגסטע נעמען און אויפגעגעסען זיך אין בייזער זעלבסטקריטיק, אַריינגעשפייט זיך אין געזיכט זיין גאַנצע ליטעראַרישע טעטיגקייט. אָבער אַז די דאָזיגע הערליכקייט זאָל עס זאָגען, אַז דאָס פראַכט-מויל זאָל ארויסבריינגען די קריטיק, אַז די גרויסע בעצויבערענדיגע אויגען זאָלען אויפבליצען מיט כעס און פעראַכטונג...

ער האָט געדויכערט אַ פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּיראָס, ארומגעגאַנגען איבער'ן צימער, צוגעזעצט זיך, ווידער אַרומגעגאַנגען. ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. ווען זיין אויג איז געפאַלען אויף דער אָנגעהויבענער אַרבייט, האָט ער זי ווי זעלבסטפערשטענדליך צונויפגעדריקט און אַוועקגעוואָרפען אין פּאַפּיר-קאָרב.

באַלד איז ער ענטלאָפען פון זיין צימער, אָבער נישט צו געזעלשאַפט. ער האָט בלויז אַרומגעוואַנדערט איבער די גאַסען. מיט איהר געשטאַלט פאַר די אויגען, מיט איהר שטימע אין די אויערן. אויפ'ן רוקען האָט ער געפיהלט איהרע שמייך.

די אבענדציימונג און דאָס בוך, וועלכע ער האָט שפעטער געלייענט, ווען ער איז געקומען צוריק אַהיים אַ מידער און אויסגעמאַטערטער, האָבען איהם נישט צושטרויט. צווישען די שורות האָט ער געזעהען און געהערט אירמאַ רינגעל.

ער האָט געהאַט אַן אונרוהיגע נערווענע נאַכט, און אויף מאָרגען גאַנץ פריה האָט ער איהר אָנגעשריבען אַ בריעף, וועלכען ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אין דער שלאָפלאָזיגקייט. ער האָט זי געבעטען, זי זאָל זיך מיט איהם טרעפען.

ער האָט זי נישט געוואָלט אויפרופען — ער האָט מורא געהאַט פאַר איהר קורצען אָבזאָג.

ער האָט איהר געשריבען — ער זאָל האָבען די רייצונג פון אונגעוויסהייט און וואַרטען אין אונגעדולד.

אָבער ער האָט דעם בריעף אַוועקגעשיקט „ספּעשעל דעליווערי״, כדי ער זאָל גיכער און זיכערער אָנקומען אין איהרע הענד.

זי האָט איהם גלייך געענטפערט. און נישט אָבגעזאָגט. ער האָט שיער נישט געקוסט איהר בריעף.

זיי האָבען זיך געטראָפען אין אַן אַפּטאַון קאַפע, און ער האָט איהר גלייך דערקלערט, אַז ער האָט איהר נישט געבראַכט, וואָס איהר געזעלשאַפט וויל פון איהם וויסען, נאָר ער וויל אויסגעפינען פון איהר וואָס זי וויים פון איהם.

ביי טיי און סיגאַרעט, רוהיג, נאָכלעסיג, זעלטען אָנקוקענדיג איהם, האָט זי איהם דערצעהלט, וואָס זי וויים פון איהם. ביז אויף די לעצטע עטליכע יאָהר האָט זי געלייענט אַלץ, וואָס ער האָט געשריעבען. אויך זי איז געוועזען איינע פון די יעניגע ליעבהאָבער פון דער אידישער ליטעראַטור, וועלכע האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ האָפנונג און אַ סך זיך פון איהם פערשפּראָכען. אָבער די לעצטע עטליכע יאָהר האָט זי איהם אויפגעהערט צו לייענען. זיין קונסט איז געוואָרען אַ גאַסענפרוי.

ער האָט אויפגעשווידערט, ווען זי האָט עס אַרויסגעזאָגט. די האַנד, וועלכע האָט געהאַלטען דאָס גלאָז טיי, האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט נערוועז אַ לאַך געטאָן און אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז.

זי האָט עס בעמערקט, אָבער אונברחמנות׳דיג פאָרטגעזעצט. זי וואָלט זיך נישט געוואונדערט, ווען זי וואָלט געפונען אין זיינע לעצטע ווערק אַ סך פּלאַגיאַטען, גע׳גנב׳עטע און איבערגעניצעוועטע זאַכען פון אַנדערע אויטאָרען און אַנדערע שפּראַכען.

זי האָט איהם געענטפערט קאַלט:

„דאָס האָב איך אייך געוואָלט זאָגען. איבריגענס, נישט אִיךְ וויל פון אייך וויסען, נאָר די געזעלשאַפט, וועלכע בעשעפטיגט מיך.״

ער האָט גראַד געקלערט, אַז ער וואָלט געוואָלט, זי זאָל אַראָבנעמען דאָס היטעלע, כדי ער זאָל קאָנען זעהן איהר גאַנצען שטערן. אָבער איהרע ווערטער האָבען איהם עפּעס געגעבען אַ שאָקעל און אַוועקגעריסען פון דעם געדאַנק. יעצט האָט ער געוואָלט וויסען, וואָס האָט זי געמיינט מיט דעם „איבריגענס״.

„דאָס, וואָס איהר האָט געהערט,״ האָט זי געענטפערט הארט און פיינדליך. „די ג ע ז ע ל ש אַ פ ט וויל פון פון אייך וויסען אייער מיינונג וועגען דער צוקונפט פון דער אידישער ליטעראַטור דאָ אין לאַנד.״

„אויב איהר אַליין זייט נישט פאַראינטערעסירט אין דער פראַגע, וועט איהר בשום אופן נישט קאָנען ריכטיג איבערגעבען מיין ענטפער,״ האָט ער געזאָגט.

אַן איראָנישער שמייכעל האָט אויפגעבליצט אין איהרע גרויסע אויגען.

„ווער׳ט אייך געזאָגט, אַז איך בין נישט פאַראינטערעסירט?״״

„פאַר וואָס־זשע בעשטעהט איהר דוקא, אז די געזעלשאַפט האָט אייך געשיקט?״

„דאָס איז אויך אמת. איך בין אַן אנגעשטעלטע פון דער געזעלשאַפט און געה. וואוהין מען שיקט מיך.“

„דאָס איז אָבער נישט דער גאַנצער אמת. איך פיהל עפּעס אַנדערס, מעדה. ווילט איהר עס מיר נישט זאָגען?“

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט איינעם פון זיינע „פּסיכאָלאָגישע“ בליקען, מיט וועלכע ער האָט געוואָלט בעווייזען, אז ער איז דער קינסטלער־פּסיכאָלאָג, וועלכער דרינגט דורך האַרץ און מוח פון זיין וויז־א־ווי און פון וועלכען עס איז נישטאָ קיין בעהעלטעניס. אין איהרע אויגען האָט אויפגעבליצט עפּעס פון כעס, און זי האָט ענטשלאָסען ארויסגערעדט נאָך א ווילע שווייגען:

„דער גאַנצער אמת איז — אז איך פּערזענליך בין נישט פּעראינטערעסירט אין אייער מיינונג און וואָלט נישט געקומען אויסגעפינען זי, אויב אימיצער, וועלכער האלט זי פאר וויכטיג, וואָלט מיך נישט געשיקט, און איך, אַלס אָנגעשטעלטע, וואָלט נישט גע־דאַרפט געהן, וואוהין מען שיקט מיך.“

זי האָט עס ארויסגערעדט, ווי זי וואָלט איהם געוואָלט בעליידיגען. איהר קול איז געוועזען א בייטש, וועלכע האָט בייז דורכגעשניטען די לופט און געלעגט זיך אויף איהם מיט האַרבע שמיץ, איהר פּראַכט־מויל האָט אָנגענומען א זעהר האַרטען, פיינדליכען אויסדרוק, דער בליק פון די גרויסע גרויע אויגען איז געוואָרען שווערד־שאַרף און פער־עכטליך.

ער האָט געפיהלט די בעליידיגונג, און עס האָט אין איהם געקאָכט. אָבער ער האָט דערוואַרט אָט דעם ענטפער, ער האָט אין פאראוים געפיהלט יעדעס וואָרט. עס איז איהם געוואָרען קלאָר, אז זי קען איהם, איז גוט בעקענט מיט זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט און האָט פאר איהם קיין שום אַכטונג נישט. ניין, זי פעראַכט איהם אפילו. ער האָט זיך געפיהלט אויסגעפּאַטשט, דערנידעריגט. זיין גאַנצע אייגענליעבע איז אויפ־גערודערט געוואָרען. זיין הויכע מיינונג וועגען זיין טאַלאַנט האָט זיך אויפגעשטעלט אין איהם, ווי אַן אויפגערייצטע ווילדע חיה. זיינע אויגען האָבען אויפגעבליצט און אויפ׳ן צונג האָט זיך געבעטען אַ שאַרף וואָרט. אָבער ער האָט דאָס וואָרט פערלאָרען, און דער אויגען־בליץ איז שנעל פערשוואונדען. די הערליכע געשטאַלט אויף דעם דערביי־איגען שטול האָט ארויסגעשלאָגען ביי איהם די וואַפען. און געשלאָגען און בעזיעגט האָט ער ארויסגערעדט:

„פאר וואָס?“

ער האָט געוואוסט, וואָס זי וועט איהם ענטפערען. יעדעס וואָרט. אָבער ער האָט עס געוואָלט הערען, שאַרף און שניידענדיג, מיט פעראַכטונג אין איהרע דורכנע־מענדיגע אויגען און מיט שפּאָט אין איהר שטאָלצער הערלען־שטימע. און זי האָט איהם געענטפערט, ווי ער האָט געוואָלט — שאַרף און שניידענדיג, מיט פעראַכטונג אין די אויגען און מיט שפּאָט אין דער שטימע:

„ווייל אזוינע שריפטשטעלער ווי איהר האָבען אליין קיין צוקונפט נישט און עס אַרט זיי נישט די צוקונפט פון זייער ליטעראַטור. איהר האָט גאָר קיין ליטעראַטור נישט, וועלכע איהר וואָלט געוואָלט ענטוויקלען, בערייכערען. אייך אינטערעסירט דאָס גאַנ־צע נישט, דער כלל, איהר...“

זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגען, אָבער זי האָט זיך איבערגעריסען, מיט כעס־פונקען אין די אויגען, ארויסגערעדט:

„איהר ווערט אַזוי גוט זיין זאָגען מיר, וואָס די געזעלשאַפט וויל וויסען.“

ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אַזוי האַרט און בייז רעדען קאָן נאָר אימיצער, וועמען ער איז זעהר נאָהענט געווען, ווער עס האָט ווירקליך וואָס פערלאָרען אין איהם. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן ווענטעל פון שטול, איינגעקוקט זיך אין איהר מיט זיין „פּסיכאָלאָגישען“ בליק און שטיל געזאָגט, צעהלענדיג די ווערטער:

„איהר ווייסט, איהר׳ט מיר אַ ליגען געזאָגט — ענטשולדיגט! — עס איז גע־וועזען נישט אמת, ווען איהר האָט געזאָגט, אַז איהר זייט געקומען צו מיר, ווייל מען האָט אייך געשיקט. איהר האָט שוין לאַנג געזוכט די געלעגענהייט צו טרעפען זיך מיט מיר, כדי איהר זאָלט מיר קאָנען דאָס אַלץ זאָגען, וואָס איהר האָט מיר אָנגערעדט היינט און עהערנעכטען.“

זי האָט דורכגעלאָזען צווישען די ציינער:

„מעגליך, אַז דאָס איז אמת.“

און ער האָט געפרעגט ווייך און צאַרט:

„פאַרוואָס נאָר „מעגליך“? פאַרוואָס ווילט איהר נישט צוגעבען, אַז דאָס איז אמת?“

אין דעם מאָמענט האָט זי אויף איהם רחמנות געקראָגען, און עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז זי איז געוועזען אַביסעל שוין צו־שטריינג. איהר בליק איז ווייכער גע־וואָרען. ער האָט עס גלייך בעמערקט און צורעדט זיך, וויטער ווייך און צאַרט.

ער האָט זיך נישט ענטשולדיגט פאַר זיין אַרבייט. צו וואָס? ער ווערט דאָך איהר נישט פערשפּרעכען, אַז ער ווערט זי אויפהערען. ער האָט אויך נישט געזוכט פאַר זיך קיין ענטשולדיגונג. ער האָט געוואוסט: די ענטשולדיגונג, וועלכע ער קאָן אָנגעבען, איז אויך די ענטשולדיגונג פון דער גאַסענפּרוי, וועלכע ער פעראַכט דאָך. אָבער ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל וויסען, אַז ער האָט נאָרנישט גע׳גנב׳עט, ביי קיינעם גאָרנישט פערנומען, ער איז נישט אַראָבגעזונקען צו דער מדרגה פון אַ פּלאַגיאַטאָר. אַלץ, וואָס איז אַרויסגעקומען פון אונטער זיין פּען, איז שטענדיג זיין אייגענס געווען. סיידען דאָ און דאָרטין אַ סצענע אין זיינער אַ פּיעסע, אַ טעאַטער־עפעקטעל. דאָס איז אַ קליי־ניגקייט. און ער האָט געוואָלט זי זאָל וויסען, אַז זעהר אַ סך פון זיינע זאַכען פאַר די לעצטע יאָהרען זיינען גאָר נישט שלעכט געוועזען, און אַ סך זיינען אַפילו זעהר גוט געוועזען, וועדליג עטליכע מעג ער צורעכנען צו זיינע בעסטע, וועלכע ער האָט גע־

שאַפן אין די יאָהרען, ווען ער איז געווען די גרויסע האָפנונג. בלויז די טעאַטער־שטיק... אָבער אין זיי אויך — —

ער האָט זיך פערכאַפּט. ער האָט דערפיהלט, אַז ער מאַכט זיך נאָך בילינער אין איהרע אויגען. איהרע אויגען האָבען געקראָנקען אַזאַ געלאַנגווייליגטען, מידען אויסדרוק.

„ניין, איך רעד נישט דאָס!" האָט ער אויסגעשריען מיט גרויסען ליידען אין גע־זיכט, די האַנד צודריקענדיג צום שטערן.

אַ ווייל איז ער געזעסען שטום, און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען מיט שטאַרען בליק, קוקענדיג פאַרביי איהר:

„דער אמת איז... דער אמת איז..."

און ער האָט אָנגעהויבען אַרויסצוזאָגען דעם אמת וועגען זיך. מיט גרויסער אָפענ־הייט און אַ סך שאַרפער, ווי זי האָט געדעכט. דאָס איז געווען די בייזעסטע זעלבסטקריטיק. א ניפטיג אַריינשפּייען זיך אַליין אין געזיכט. אָבער אַזוי רעדענדיג איז ער געוואָרען דער בעסערער, דער גרויסער, דער, וועלכער האָט געוועקט די גרויסע האָפנונגען. ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען טיעף אין זיין נשמה און אַרויסגעבראַכט פון דאָרטין זיינע בייִנקעניסען. די זעהונגען, וועלכע ער האָט פערדונקעלט דורך דעם בלומרסטדיגען ווילען פון דער מאַסע. זיינע פּלענער, וועלכע ער האָט נישט אויסגע־פיהרט, ווייל ער האָט געדאַרפט מאַכען א לעבען. יעצט איז ער געווען דער שאפער, דער איינענער.

פּלוצלונג אין מיטען רעדען, ווען ער האָט געזוכט אַ פּאַסיג וואָרט, האָט ער בע־מערקט, אַז זי איז זעהר אויפגערעגט. איהרע באַקען זיינען געווען שטאַרק פער־פלאַמט, איהרע אויגען האָבען געברענט. מיט אַלע איהרע פיברען איז זי נאָכגעגאַ־נגען זיינע געדאַנקען, דורסטיג געשלונגען זיינע ווערטער, מיט קלאַפּענדיגען האַרץ און ווייט אויפגעעפענטער נשמה.

ער האָט זיך איבערגעריסען און געמאַכט גרויסע אויגען.

„ווי מערקווירדיג!"

## 4

און פּלוצלונג איז איהם געוואָרען קלאָר: דאָס איז די פרוי, וועלכע גאָט האָט פאַר איהם בעשאַפען. דאָס איז די פייערזייל, וואָס ער האָט געדאַרפט האָבען פאַר זיך זיין גאַנץ לעבען. ווען ער וואָלט זי געטראָפען אין אָנהויב פון זיין שריפטשטעלערישער טעטיגקייט, וואָלט ער זיכער נישט פערקראָכען אין דער בלאָטע, אין וועלכער ער געפינט זיך איצטער. ער האָט פערבלאָנדזשעט, ווייל דאָס ליכט, וואָס גאָט האָט פאַר איהם בעשאַפען, האָט איהם נישט דערגרייכט אין דער ריכטיגער צייט.

„פאַרוואָס זייט איהר פּלוצלונג ענטשוויגען געוואָרען?" האָט זי איהם געפרעגט. זי האָט זיך אַפילו נישט געפיהלט פערלעגען פאַר איהר אויפרעגונג. זי האָט געוואָלט, ער זאָל ווייטער אַזוי רעדען. זי האָט געפיהלט בעפרייונג אין זיין רעדען.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען און דערנאָך לאַנגזאַם ארויסגערעדט:

„אַ מענש האָט זיך יעצט געפונען און דערזעהן זיין וועג ביי דעם ליכט, וואָס האָט איהם אויסגעפעהלט."

ער האָט אויסגעשטרעקט צו איהר די האַנד. זי האָט איהם דורכגענומען מיט די אויגען, און דערנאָך לאַנגזאַם אַריינגעלעגט איהר האַנד אין זיינער.

## 5

און דאָס איז, וואָס דער שריפטשטעלער נפתלי מענקין האָט געטאָן, ווען ער האָט זיך געפונען און דערזעהן זיין וועג ביים ליכט, וואָס האָט איהם אויסגעפעהלט ביז אַהער:

ער האָט צוריסען די מאַנוסקריפטען, אויף וועלכע ער האָט געאַרבייט, און אַוועקגעשריעבען אין דער צייטונג, פון וועלכער ער האָט געמאַכט אַ לעבען, אַז ער וועט מעהר איהר מיטאַרבייטער נישט זיין. ער וויל זיך אַביסעל אויסרוהען פון שריי־בען, האָט ער געשריעבען, פערגעסען דעם כלומרסטדיגען געשמאַק פון דעם ליעבען פובליקום, בעפרייען זיך פון דעם כלומרסטדיגען ווילען פון דער מאַסע.

און אין דעם זעלביגען טאָג האָט ער אויפגעזוכט זיינעם אַ פריינד, אַ פארמאַן אין אַ שניידער שאפּ, און אָהן פאָררעדעס אַ פרעג געטאָן איהם:

„ווי לאַנג דאַרף נעמען צו ווערען אַן אפרייטאר?“ — —

1920.

# א י נ ה אַ ל ט

I



II